# מאסליאנסקי'ס

# דרשות

## פיר שבתים און ימים טובים

צווייטער טהייל

היברו פאבלישינג קאמפאני,
83-85-87 קאנאל סט. נויארק.

תרס"ט

HEBREW PUBLISHING COMPANY;
83-85-87 Canal Street, New York.

1909

# MASLIANSKY'S SPEECHES.

FOR

SABBATHS

AND

HOLIDAYS

BY

H. MASLIANSKY

---

VOLUME 2.

---

HEBREW PUBLISHING COMPANY
83-87 Canal St., New York.
1909.

# פסח

## דער יום טוב פון פריהלינג און בעפרייאונג.

„שמור את חדש האביב ועשית פסח לד׳ אלהיך.
כי בחדש האביב הוציאך ד׳ אלהיך מארץ
מצרים לילה" (דברים ט"ז א.) „ולא יתן
המשחית לבא אל בתיכם לנגוף ושמרתם את
הדבר הזה לחק לך ולבניך עד עולם"
(שמות י"ב כ"ד.)

דריי סארטען ימים טובים, פייערטאגע, גיבט ביי אלע נאציאנען: רעליגיעזע נאציאנאלע און נאטירליכע. אבער איין פייערטאג מיט דעם צווייטען האבען קיין פערבינדונג ניט אין דער צייט פון יאהר, ניט אין בעדייטונג און אויך ניט אין נאציאנאלע געפיהלען. צום בייששפיעל, נעהמען מיר דאס אמעריקאנער פאלק. ער פייערט זיין רעליגיעזען יום טוב, דעם געבורטס טאג פון דעם מענשען־גאט, אין ווינטער צייט, ווען דיא נאטור איז טויט און קאלט; זיין נאציאנאלען פייערטאג פייערט ער אין דעם פיערטען דזשולייי, ווען דיא זונן ברענט אין מיטען זומער און דיא גאנצע נאטור איז אפגעשלאפט און ענטמוטהיגט פון גרויס היץ. דיא ביידע ימים־טובים, דער רעליגיעזער און דער נאציאנאלער, האבען קיין שייכות מיט דעם

נאטירליכען יום־טוב, דער אמעריקאנער „חג האסיף",
„טהענקס־גיווינגס־דעי". דארום גיעט מיליאנען גוטע
אמעריקאנער, וועלכע פייערען דיא נאציאנאלע און נא־
טירליכע ימים־טובים און פון דעם רעליגיעזען האלטען
זיי גאר ניט. ער האט אין זיך קיין נאטירליכקייט און
קיין נאציאנאלען געפיהל.

אבער ניט אזוי איז מיט אונזערע הויפט דריי
ימים־טובים : פסח, שבועות און סכות, וועלכע האָ־
בען אין זיך אלע דריי בעדייטונגען. זיי זיינען רעליגי־
עזע, נאציאנאלע, און נאטירליכע. דארום זיינען זיי
פאלקאמענע פייערטאגע פיר'ן גאנצען פאלק ישראל,
אהנע אונטערשיעד פון מיינונגען וועגען רעליגיאן. און
טאקי דארום האבען דיעזע פייערטאגע אויסער רע־
ליגיעזע נעמען, אויך נאטירליכע, וויא „חג האביב",
„חג הקציר" און „חג האסיף".

אונזערע ימים טובים איבערצייגען אונז ווירקליך,
אז אונזער תורה איז „תורת חיים",א לעבעדיגע תורה,
גענומען פון לעבען און געגעבען פון לעבעדיגען גאט צו
א לעבעדיגע נאציאן, וועלכע איז פול מיט לעבען.

א צויבער ליגט אין דעם ווארט „אביב", פריהלינג.
פערגעניגען, זאנפט, שיינקייט, שטארקייט און דער
עקסטראקט פון לעבען פליסען פון דעם ווארט „פריה־
לינג". ער בעלעבט און ערקוויקט דיא גאנצע נאטור

מיט זיין פראכט און גלאנץ. ער פערטרייבט דיא פינס־טערניס און בעלייכטעט דעם גאנצען בעשאף. ער פערקלענערט דיא נאכט. און פערגרעסערט דעם טאג, וועלכער איז פול מיט לעבען, ליכט און פרייהייט!

און דער נאט פון פריהלינג האט אריינגעבראכט זיין געטליכען פריהלינגס גייסט צו דעם פאלק ישראל אין דעם מאנאט פון פריהלינג. ער האט איהם בע־פרייהט גלייך מיט דער נאטור און איהם בעפוילען אין זיין תורה: „היום אתם יוצאים בחדש האביב!" דאס הייסט, געדיינקט איהר זייט קינדער פון דער נאטור און צוזאמען מיט איהר ווערט איהר זיך בע־פרייען פון אייער יאך. דער פריהלינג וועט בעפרייען דער מוטער ערד פון איהרע ווינטערדיגע קאלטע קייטען, און איהר וועט זיך בעפרייען פון אייער שקלאפעריי אין מצרים. און דער בעפרייאונגס יום־טוב זאל געקרוינט ווערען מיט דעם נאטירליכען נאמען „חג האביב!"

פייער „ישראל סבא", דיין פריהלינג יום טוב אין אלע דיינע גלות לענדער און לעז אין דיינע שולען דאס הייליגע פריהלינגס ליעד, דעם אונשטערבליכען און הייליגען „שיר השירים", וועלכען דיין מייסטעטטי־שער דיכטער האט געזונגען אין זיין פריהלינגס לע־בען. לעז, גליקליכער־אונגליקליכער, אלטער־יונגער

מאן, דיא הייליגע נבואה, וועלכע איינער פון דיינע פראפעטען האט אין איינע פון דיינע שרעקליכע ווינ־טער צייטען, פראפעצייהט וועגען דיין צוקינפטיגען פריהלינג, וועלכער האט בעלעבט דיינע טרוקענע ביי־נער, דיא „עצמות היבשות“ פון בבל; ער האט דיינע סקעלעטען אויפגעשטעלט, דיינע אדערען מיט פלייש אנגעטהאן, א הויט א נייע ארויפגעצויגען, א הייליגען לעבעדיגען גייסט אריינגעבלאזען אין זיי, און דיא טרוקענע ביינער האבען אפגעלעבט און לעבען עד היום־הזה. זינג אלטער, זינג דיינע פריהלינגס ליעדער, לעז, אונגליקליכער, לעז דיינע נבואות און האף אין מוטהיג זיך צו מקבל פנים זיין דיין נייעם פריהלינג אויף דיין אלט־ניי־לאנד, וועלכע האט שוין אנגעפאנ־גען צו געבען צייכענס פון אויפלעבען — און עס וועט אויפלעבען!

„סאלדאטען! דרייסיג הונדערט יאהר קוקען ארונטער אויף אייך פון דיא שפיצען פון דיא פיראמי־דען!“ — האט אויסגעשריען נאפאלעאן באנאפארטע צו זיין ארמעע, ווען ער איז געשטאנען מיט זיי אין עגיפטען.

און מיר האבען דאס רעכט אויסצושרייען צו דער גאנצער וועלט, צו אלע אלטע און נייע נאציאנען מיט זיין סגנון: „פעלקער! קוקט און בעטראכט דעם

אלטען לעבעדיגען פיראמידע ישראל. שוין מעהר וויא דרייסיג הונדערט יאהר, טויזענדע פריהלינגס און טויזענדע שרעקליכע ווינטערס זיינען איבער איהם אריבערגעגאנגען זייט ער האט געענדיגט דיא ארבייט ביי דיא מצרים׳ער פיראמידען !“

און דיא לעבעדיגע פיראמידען שטעהען ניט אויף איין ארט. זיי וואנדערען צוזאמען מיט זייערע פריה־לינגס ימים־טובים און שרייען אויס : „היום אתם יוצאים בחדש האביב ! שמור את חדש האביב !“ זיי האבען געשפאלטען דעם ים־סוף ; זיי זיינען געשטא־נען ביים בארג סיני ; זיי זיינען געקומען אין דער לאנד כנען ; זיי האבען געזונגען און געשפיעלט מיט זייער ארקעסטער פריהלינגס ליעדער אין זייער געטלי־כען טעמפעל און פערקלונגען דעם גאנצען ערד־קוגעל מיט זייערע געטליכע מעלאדיען ; זיי האבען אויפגע־האנגען זייערע פידלען אויף דיא ווערבען בוימער ביי דיא טייכען פון בבל ; זיי האבען זיך אומגעקעהרט צוריק נאך יהודא ; זיי האבען געגעבען שלום עליכם צו אלכסנדר מוקדון ; זיי האבען זיך א היבשע טהייל איבערגעצויגען נאך אלעקסאנדריא ; זיי האבען גוט געקענט יוליוס צעזאר מיט דיא אלע מעכטיגע קיסרים פון רוים ; זיי האבען מיט גרוים טאפפער־קייט געקעמפפט מיט דיא רוימישע לעגיאנען ; זיי

זיינען אם ענדע בעזיעגט געווארען אין פערשיעדענע לענדער ; זיי האָבען זיך נור א ביסעל אין שפאניען אפגערוהט ; מען האָט זיי פון שפאניען אויך ארויס־געטריעבען און צוזאמען מיט קאלאמבוס'ן האָבען זיי געפונען דיא נייע וועלט, און זיי זיינען שוין היער באלד צוויי מיליאָן — כן ירבו !

אָ, פיעל שרעקליכע ווינטערען, גרויזאמע צייטען, זיינען אריבערגעגאנגען איבער דיא מאדערנע פיראמי־דען. אָבער זייער פריהלינג געהט פאר זיי און קעמפפט מיט ריין־געטליכע מאכט געגען דעם ווינטער און אלע יאהר פראקלאמירט ער : „שמור את חדש האביב !"

„ופסח ד' על הפתח, ולא יתן המשחית לבא אל בתיכם לנגוף, ושמרתם את הדבר הזה לחק לך ולבניך עד עולם".

ניט נור אין מצרים האָט גאָט איבערגעהיפט דיא אידישע טהירען, ווען ער האָט געמאָרדעט דיא מצרים, נור אויך אין אלע צייטען און אין אלע לענדער וואו דער גלות האָט דיא אידען פערטריעבען. דאס זעלבע זעהען מיר, ווען דער משחית האָט זיך אריינגעכאפט צו אלע אלטע פעלקער און האָט זיי פערניכטעט : „בנגפו את אשור", „בנגפו את בבל", „בנגפו את יון", „בנגפו את רומא", דאס הייסט ווען עס זיינען פער־ניכטעט געווארען דיא אשורים, דיא בבלים, דיא גרי־בען, דיא רוימער. אין דיא אלע שרעקליכע היסטאָרישע

עפּאָכען פון פערניכטונגען איז אימער מקוים געווארען דער פסוק : **ולא יתן המשחית לבא אל בתיכם לנגוף, ושמרתם את הדבר הזה לחק לך ולבניך עד עולם.** דאס הייסט, אז דער משחית, וועלכער פערדארבט אלע נאציאנען, וועט אויף דיר ניעמאלס קיין שליטה האָבען, ווייל דאס איז א געזעץ פיר דיר און פיר דיינע קינדער אויף אייביג.

און אַט אזוי וואנדערט ער, דער אלטער פריי-הייטס-קעמפפער מיט זיין פרייהייטס גייסט און מיט זיין אויביגען פריהלינג פון לאנד צו לאנד, פון א פערלאָרענער נאציאן צו א ניי-געבארענער נאציאן און פראקלאמירט פיר דער גאנצער וועלט דעם פריהלינגס און בעפרייאונגס יום-טוב מיט דעם הייליגען אויפרוף: „שמור את חדש האביב !"

אויך אונזער נייע פרייע לאנד, דיא פעראייניגטע שטאטען פון אמעריקא, ווען דיא ניי-געבארענע פרייע אמעריקאנער נאציאן האָט געבראכען דיא קייטען פון ענגלאנד און האָט פראקלאמירט פרייהייט פיר אלע בירגער, אויך דיעזעס לאנד האָט אויסגעקריצט אויף דעם פרייהייטס-גלאָק, וואס געפינט זיך נאָך יעצט אין פילאדעלפיא, דעם פסוק פון דעם אלטען פריי-הייט-קעמפפער'ס תורה : **וקראתם דרור בארץ לכל יושביהם !"**

**"And proclaim freedom throughout the land unto all the inhabitants!"**

ניט פון דעם נייעם טעסטאמענט, און אויך ניט פון דעם אלקאראן האָט אָנקעל סעם גענומען זיין פרייהייטס־מאטא, נור פון ישראל סבא׳ס תורה, וועלכע ער האָט בעקומען אלס בעפרייהטע נאציאָן, שטעהענ־דיג פריי אין דעם פרייען מדבר ביי דעם געטליכען הייליגען בארג סיני.

לײדער איז דער פריהלינגס יום־טוב אין די לעצטע יאהרען ביי דעם גרעסטען טהייל פון אונזער פאָלק מעהר ניט וויא אין ווארט, אָבער ניט אין טהאט. מיר קענען ניט פיהלען דיא גוטע מתנות פון פריהלינג, ווייל מיר האָבען קיין לאנד, זאגאר קיין היים. דער חג האביב איז געבליעבען ביי אונז נור אין „חג הפסח" אָדער „חג המצות", דאס הייסט נור אין דעם רעליגיעזען זינן, אָבער מיט דער נאטירליכער בעדייטונג פון פריהלינגס פייערטאג זיינען מיר נאָר ניט פערבונדען. מיר זיינען ווייט פון דער נאטור, זאָ וויא דיא נאטור איז ווייט פון אונז. אונזער פריהלינג איז אויף דעם ים ניט אויף דער יבשה. דער פריהלינג פערשטארקט דיא עמיגראציאָן און מיר פילען אן דעם צווישען דעק פון אלע שיפען. אנשטאט דעם פריהלינגס געזאנג פון דיא פויגעלאך הערען מיר דיא געוויינען

און דיא געשרייען פון דיא פערוואגעלטע קליינע קינ־דערלאך, אונגליקליכע עופה׳לאך פון דיא אימיגראנ־טען; אנשטאט דיא זיסע טראפענס פריהלינגס טוי, זעהען מיר דיא ביטערע טראפענס טרעהרען אין דיא אויגען פון דיא טויזענדע וואנדערער, היימלאזע ברי־דער און שוועסטער; אנשטאט מארדען דיא מצרים און איבערהיפען דיא אידישע הייזער, מארדעט מען אין דיא פינסטערע לענדער, וויא רוסלאנד, רומעניען און מאראקא, דיא אונגליקליכע אידען, און מען היפט אי־בער דיא הייזער פון דיא רוצחים; אנשטאט דעם דם הפסח, מאכט מען אין דעם יום טוב אויף אונז עלילות־דם.

יא, ישראל־סבא, פיער טויזענד יאהריגע לעבע־דיגע וואונדערבארע פיראמידע! וויא מעכטיג ביסט דו אויסצוהאלטען זא פיעל פיין, צרות, גלות, יסורים און פערפאלגונגען. מיט א ריעזען־קראפט ביסט דו געבארען און מיט א געטליכע מאכט עקזיסטירסט דו! דיין כוס התרעלה, דער גיפטיגער בעכער איז שוין פול! האף אז אין גיכען וועסט דו אנפאנגען צו טרינקען דעם כוס ישועות! זינג, אלטער, זינג דיינע פריהלינגס־ליעדער, דעם הימלישען „שיר השירים", ווייל דיין גרויסער פריהלינג קומט אן און ער וועט דיך אומקעהרען צוריק אין דיין פריהלינגס

לאנד, וואו דיינע ליעדער זיינען פערפאסט און געזונ־
גען געווארען צום ערשטען מאל, דאן וועסט דו אויס־
שרייען צו אלע דיינע פערוואגעלטע קינדער : „שמור
את חדש האביב ! היום אתם יוצאים בחדש האביב !"



# אחרי מות

## דער גרויסער ווערטה פון פרקי אבות, דער אוצר פון מאראל, אביסעל מוסר פאר אונזערע קנאים און בעלי מחלוקת.

---

## פרקי אבות *)

## אדער דער אוצר פון מאראל.

---

„הוו מתונים בדין, והעמידו תלמידים הרבה.
ועשו סיג לתורה" (אבות א').

די צווייטע בריליאנטענע ווערק נאך די נביאים וועלכעס ענטהאלט אין זיך דעם עקסטראקט

---

*) עס גיבט פערשיעדענע מיינונגען אין אונזער אלטער ליטעראטור וועגען דעם נאמען „אבות". די מעהרסטע פון זיי זאגען, ווייל די אלע מאמרים פון דיזע פרקים זיינען געזאגט געווארען פון די „אבות האומה", די הויפט געלעהרטע און די פאטערס פון דער נאציאן, און דאס איז אויך דער מיינונג פון רמב"ם. אנדערע ערקלעהרען, אז דער נאמען „אבות" מיינט די „פרינציפען" די ראשי כללים פון מדות טובות פון גוטע זיטען, און אויך דער תמצית פון מאראל און דרך ארץ; פונקט ווי מיר געפינען אין תלמוד „אבות-מלאכות" אדער „אבות נזיקין". די וואהרהייט שטימט מיטביידע טעמים. — און ווי קורץ און שארף האט זיך אויסגעדריקט איינער פון די תלמודיסטען:

„האי מאן דבעי למיהוי חסידא, לקיים
מילי דאבות." (ב"ק ל. ע"א.)

דאס הייסט, ווער עס וויל באמת זיין א מאראלישער פרומער מאן, זאל ער מקיים זיין אלעס וואס עס ווערט געלעהרנט אין „אבות".

פון יודענטהום, דעם עסענס פון מאָראל און טוגענד, דעם תמצית פון דיא ערהאבענע הייליגע געפיהלען פון דער מענשהייט, איז אָהנע צווייפעל דיא „פרקי אבות", אָדער וויא מיר האָבען דאָס גערופען אין אונזערע קינדערשע יאָהרען מיט דעם געוועהנליכען נאָמען "פרק".

ווער פון אונז געדיינקט ניט דיא הייליגע שטונדען וואָס מיר האָבען פערבראכט אין דיא שבת׳דיגע טעג אין אונזערע חדרים ווען דער רבי האָט מיט אונז געלערענט „פרק": עפּעס אזוי זיס און אנגענעהם איז אונז געוועזן צו הערען דיא קלוגע רייד פון אונזערע ארימע מלמדים אין אונזערע קליינע, ענגע פינסטערע חדרים, וועלכע האָבען ענטהאלטען אין זיך מעהר מאָראל וויא דיא גרויסע ליכטיגע אוניווערזיטעטען.

וויא א באלזאם זיינען דיא פרקים געוועזן אויף אונזערע יונגע הערצעלאך נאָך אונזער שווערע ארבייט. דיא גאנצע וואָך אין דער טרוקענער הלכה און אין דיא סוגיות פון „מיפך והזמה" „רכוב ומנהיג" „תגרי לוד" אָדער „ר׳ חנינא סגן הכהנים". אונזערע קליינע קעפּעלאך האָבען זיך דעם שבת׳דיגען טאָג אָפּגערוהט, און אונזערע הערצעלאך האָבען זיך אָנגעפיהלט מיט הייליגע געפיהלען וואָס האָבען ארויס־

געפלאָסען פון דעם ריינעם קוואל פון יודענטהום.

מיט א בעזאָנדערען ניגון און מיט אן אויסגע־רוהטע שטימע האָט דער רבי אָנגעפאנגען: "כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא", „אלע אידען האָבען א טהייל אין דער צוקינפטיגער וועלט", דאָס הייסט: עס האָט געקלונגען אין דעם רבי'ס רייד א מין טרייסטונג צו זיינע קליינע אידעלאך, דיא תלמידים, אזוי וויא ער וואָלט זיי זאָגען מיט דיא ווערטער: יא, קינדערלאך, קיין עולם הזה האָבען מיר קיינער ניט, ניט איך און ניט איהר, ניט אייערע עלטערען און ניט אלע אידען, דערפאר אָבער וועלען אלע אידען האָבען א טהייל לעולם הבא, אין דער בעסערער וועלט. — מיט גרוים חשק און אויפמערק־זאמקייט האָבען מיר געהערט דיא ערשטע משנה וועל־כע ענטהאלט דיא געשיכטע פון דער אידישע טראדי־ציאָן פון צוויי טויזענד יאָהר. און מיר קליינע אי־דעלאך זיינען שוין געווען בעקאנט מיט דיא אלע העל־דען און דיא נעמען פון אונזערע גרויסע מענשען וועלכע האָבען איבערגעגעבען דיא תורה איינער צום צווייטען, — יא, מיר האָבען זיי געקענט אלעמען און מיט פערגעניגען האָבען מיר זיך צוגעהערט וויא דיא משנה נעהמט אויף דיא אלע נעמען צוזאמען אין איינציגע ווערטער אויף וועלכע מיר האָבען יאָהרען

לאנג געלערענט צו וויסען פון זיי. אָט וויא קורץ און בינדיג עס לויפט דורך דיא היסטאָריע פון דיא אידישע אור־אלטע ליטעראטור אין דער ערשטער משנה:

„משה קבל תורה מסיני ומסרה ליהושע, ויהושע לזקנים, וזקנים לנביאים ונביאים מסרוה לאנשי כנסת הגדולה".

אין אונזער קינדערשע רייכע פאנטאזיע זיינען דורכגעפלויגען אלע גייסטרייכע בילדער פון דער גאנץ לאנגע צוויי טויזענד יאָהריגע צייט; מיר האָבען זיך ערגאינערט דעם „מעמד הר סיני", וואו אונזערע עלטערען האָבען געהערט גאָט׳ס שטימע פון דעם בארג און מיט א מיליאָנען כאָהר האָבען זיי א דונער געטאָהן זייער אנטוואָרט: „נעשה ונשמע!"

מיר האָבען געזעהען וויא דער גוטער גרויסער משה ווערט אלט און נעהמט זיין משרת יהושע און לייגט ארויף זיינע הענט אויף זיין קאָפּ און מאכט איהם פאר דעם אידישען פיהרער אויף זיין אָרט. גלייך וויא א בליץ פיר אונזערע אויגען דרעהט זיך איבער דיא היסטאָרישע פּאנאָראמא, און יהושע ווערט אויך אלט און גיעבט איבער זיין אמט צו „עתניעל בן קנז", דער ערשטער אידישער „זקן" און שופט, דיא אלטע „שופטים" פליהען דורך וויא מעכטיגע אדלערס פאר אונזערע אויגען און דער רבי גיט זיך

א זאָג רוהיג און געלאסען „וזקנים לנביאים“ און דיא אלטע, דאָס הייסט, דיא ריכטער צו דיא פּראָ־פעטען. דאָ האָט זיך פאַרגעשטעלט דאָס הערליכע בילד, וויא דער אלטער עלי הכהן, דער לעצטער אי־דישער ריכטער גיט איבער דיא רעגיערונג צו דעם יונגען גרויסען נביא שמואל וועלכען ער האָט ערצוי־גען ביי זיך אין טעמפּעל. און גלייך האָבען מיר א שפּרונג געגעבען איבער זעקס הונדערט יאָהר און מיר האלטען שוין „ונביאים מסרוה לאנשי כנסת הגדולה“, דאָס הייסט, וויא מלאכי, דער לעצטער אידישער פּראָפעט געזעגענט זיך מיט דער נבואה און גיט אי־בער דעם אידישען גייסט, דיא לעהרע, דיא מאָראל, צו דיא „אנשי כנסת הגדולה“, „דיא לייטע פון דער גרויסער קאָנגרעגיישאָן“, פון וועלכע עזרא הסופר איז געוועזען דער גרינדער, און יעצט פאנגען מיר אָן צו לערנען פּרק צו הערען דיא געטליכע רייד פון דיא אנשי כנסת הגדולה.

אָ! וויא געטליך איז דיא משנה איבער דער טראַדיציאָן! אָט דאָס איז ווירקליך „מועט המחזיק את המרובה“.

דאָס אומגליק איז אָבער וואָס פּרק לערנען בלויז דיא קליינע קינדער און דיא עלטערע אידען אונ־זערע זאָגען נור פּרק, א, דער זאָגען, דער זאָגען!

דאָס האָט אונז פערטויבט אונזערע אויערען, אז מיר הערען ניט וואָס מיר רעדען, מיר זיינען געוואָרען ווי אוטאָמאטען, אָהן געפיהלען און אָהן וויסען וואָס מיר טהוען; און וויא ריכטיג איז דער מאמר החכם: „ההרגל ישחית את ההרגשה“ — דאָס הייסט, „דיא געוואָהנהייט פערדארבט דאָס געפיהל“.

יא, פּרקי אבות מוז געלערענט און געשטודירט ווערען ניט פון דיא קליינע אונשולדיגע קינדער, נור פון דיא גרויסע שולדיגע קינדער וויא ישעיה דער נביא האָט זיי גערופען מיט דעם נאָמען „זרע מרעים“ „בנים משחיתים“. ווען דיא גרויסע וואָלטען וועניגסטענס וועלען גוט פערשטעהן דיא איינע משנה: „הוו מתונים בדין והעמידו תלמידים הרבה“, דאן וואָלטען אונזערע פרומע האָבען אין זיך עטוואָס מעהר טאָלעראַנץ (סבלנות) און וואָלטען מיט זייער פאנאטישען פייער ניט ברענען דיא יעניגע וועלכע דיינקען ניט אקוראט וויא זיי אין פערשיעדענע מיינונגען!

אַ, מיינע טהייערע קנאים לערענט פּרק און זייט מקיים „והוו מתונים בדין“, דאן וועט איהר האָבען א ביסעלע מעהר טאָלעראנץ, מעהר סבלנות, מעהר מענש־ליכקייט און איהר וועט ניט דרשנ׳ן זאָפיעל שטות אויסגעמישט מיט חוצפה.

און איהר חברה לייט וועלכע האלטען זיך אימער אין קריעג, צאנקעריי און געשלעג, איהר חברה לייט, וועלכע איהר היינגט אוים אייערע שמוציגע וועש אין דרויסען אלע זאלען זעהן אייערע שמוץ און צאהלט נאך אפ אייערע בלוטיגע ארימע געלט צו דיא לויערס און דיא בתי המשפט, איהר לאנדסלייט, לעהרנט פרק און זייט מקיים והוו מתונים בדין, זייט געדולדיג, ווען איהר ווערט בעפאלען מיט שנאת־חנם און אונזער אלטע מכה פון פירוד הלבבות זאלט איהר זיין מתונים און ניט איילען זיך געהן צום דין, דאן וועט איהר ניט מחלל זיין אייער כבוד און דעם כבוד פון כלל ישראל.

וויא פיעל ליכט און ציוויליזאציאן איז אין דעם בעפעהל פון „והעמידו תלמידים הרבה"! זעעט, פערשפרייט דיא בילדונג צווישען דעם פאלק אין דער צייט ווען דער קאטאליציזמוס פערוועהרט נאך היינט, דאס פאלק צו לערנען. זאגאר דיא ביבעל וועלכע דיא פריסטער האבען געמאכט א מאנאפאל בלויז פיר זיך, האבען אונזערע כנסת הגדולה מיט 25 הונדערט יאהר צוריק פערלאנגט צו לערנען דאס פאלק און איהם ענטוויקלען, וויא דער נביא ירמיה האט געזאגט : „כי למקטנם ועד גדולם ילכו לדעת את ד'", „פון קליין ביז גרויס זאלען שטודירען און לערנען צו פערשטעהן דיא

גאָטהייט". יעדער איד איז פערפליכטעט צו לערנען אליין און צו ערקלעהרען זיינע קינדער וואס יודענטהום איז און וואָס עס פאָדערט פון זיי.

„ועשו סיג לתורה„ דאָס הייסט ווען איהר גיבט איבער אייערע תלמידים דיא תורה זאָלט איהר דאס טהון מיט א סיסטעם, א בעשטימטען פּאָרים, מיט אן ארדענונג, דאס מיינט מן הקל אל הכבד. ניט וויא עס האָט זיך געפיהרט ביי אונז אין דיא גלות חדרים, אז דיא מלמדים פלעגען לעהרנען מיט זעקס זיבען יאהריגע קינדער „תורת כהנים" אין חומש אדער דיא מסכתות „כתובות" „גיטין" און „קדושין" אזעלכע הויכע, טיע־פע און טרוקענע ענינים וועלכע זיינען געווען אונמעגליך אז דיא קליינע יונגע מוח׳עלך זאָלען דאס קענען פאר־דייען און מאכען פאָרשריטע אין זייער לערנען. אין דיא זעלבע „פרקי אבות" האָבען זיי אונז ערקלערט דעם „סיג" אז א קינד מוז לערנען פריהער „מקרא" דערנאך „משנה" און נאכהער ווען ער ווערט רייף זאל ער לער־נען „גמרא". —

מיט איין ווארט: אין דעם קליינעם מאמר האָבען זיי אונז איבערגעגעבען דריי הויבט אידעען: „טאלע־ראנץ" „עדוקיישאן" און „סיסטעם".

דיא פרקי אבות זיינען אונזער מאָראלישער אוצר, דיא ירושה פון אונזערע געטליכע פּרינצען, זיי

## אחרי מות

מוזען געשטודירט ווערען מיט דעם קאָפּ און ניט נור מיט דעם מויל.



# קדושים

**עהרען עלטערען הייסט, פערזיכערען פאר זיך אליין עהרע און אכטונג ווען מען ווערט אלט און הילפלאז.**

---

## כבוד הורים.

„איש אמו ואביו תיראו". (קדושים).

„על זאת יתפלל כל חסיד לעת מצוא — הזקנה — צריך אדם להתפלל על זקנתו שתהיינה עיניו רואות ופיו אוכל ורגליו מהלכות שבזמן שאדם יזקין הכל יסתלק ממנו". (תנחומא).

איינע פון דיא אורזאכען וועלכע האלטען אויף די אידישע עקזיסטענץ אזוי לאנג אונטער אזעלכע שרעקליכע שוידערהאפטע ערניעדערונגען, פערפאלגונ־גען און גלות־לעבען, איז אהנע צווייפעל דיא מצוה פון „כבוד אב ואם" וועלכע זיא האט דעם „מתן שכרה בצדה" בעלאהנונג אויף דעם ארט מיט „אריכות ימים" — לאנג לעבען. „כבד את אביך ואת אמך למען יאריכון ימיך", דאס הייסט : „עהרע דיין פאטער און מוטער אום דוא זאלסט לאנג לעבען".

און דאס איז גאר איינפאך און זעהר לייכט צו פערשטעהען ווארום איז „אריכות ימים" דער שכר פון „כבוד אב ואם".

דיא קינדער לערנען זיך פון זייערע עלטערען, זיי זעהען און שטודירען מיט זייערע שארפע יונגע מוח'-לאך דיא טהאט פון זייערע פאטערס און מוטערס און נאכצוטהאן זיי; ווען זיי זעהען, אז זייערע עלטערן בענעהמען זיך גוט געגען זייערע גראס-עלטערען, דאן ווען זיי ווערען גרויס טהוען זיי אויך דאס זעלבע, אין געגענטהייל, ווען זיי זעהען, אז זייער פאטער אדער מוטער בעהאנדלען זייערע עלטערען ניט ארענטליך דאן קומט דאס צו זיי בירושה און בעהאנדלען זייערע עלטערען אויך אויף דער זעלבער ארט און בעצאהלען זיי מדה כנגד מדה, מיט אייןווארט „מעשה אבות ירשו בנים", און אין דיעזען פאל קומט אויס ריכ-טיג דאס תלמודישע ווארט: „שכר מצוה—מצות" דער שכר פון דער מצוה „כבוד אב ואם" איז דיא מצוה וואס זייערע קינדער וועלען מקיים זיין צו זיי, דיא מצוה פון כבוד אב ואם אויף זייערע עלטערע יאהרען וויא דער בעפעהל פון דיא עשרת הדברות לויטעט: „כבד את אביך ואת אמך", עהרע דיינע עלטערען, שטייט זיי אין זייערע אלטע יאהרען „למען יאריכון ימיך" און ווען דוא וועסט אלט ווערען וועלען דיך דיינע קינדער שטיצען און דוא וועסט קענען לאנג לעבען.

און אלטע פאבעל דערצעהלט: ביי א יונגען

מאן אין הויז האָט זיך אויפגעהאלטען זיין אלטער פאָטער, ער איז אָבער געווען זעהר שלאָף און הילפלאָז, דיא שוויגער־טאָכטער האָט איהם זעהר ניט גוט בע־האנדעלט ; זיא האָט איהם ניעמאלס צו דעם טיש צוגעלאזען, זיא פלעגט איהם האלטען אונטערן אויווען אין א ווינקעלע, און זיין שפייז פלעגט זיא איהם גע־בען אין א הילצערנע שיסעל, אום ער זאָל איהר ניט צוברעכען דיא געשיר.

איין קינד האָבען דיא יונגע פּאָר געהאט, א איני־געלע, אָבער זעהר קלוג און פערשטענדיג. ער האָט מיט זיין ריינעם קינדערשען בליק געקאָפּירט יעדע בע־וועגונג פון זיינע עלטערען.

איין מאָל, ווען דער יונגער מאן איז געקומען צו הויז מיט זיין יונגע פרוי, האָבען זיי געפונען וויא זייער איינציגער ליעבער זוהן זיצט אויף דער ערד א בערגעל מיט שפּענער, שטיקלאך האָלץ ליגען ארום איהם, און ער מיט זיינע קליינע הענטעלאך ארבייט זעהר פלייסיג אום צוזאמען שטעלען דיעזע העלצלאך.

„וואָס טהוסטו דאָס ?“ פרעגען זיי ביידע מיט איין שטימע דעם קליינעם יונג. „וואצו ברויכסטו דיעזע העלצעלאך“ ?

„דאָס וויל איך מאכען א הילצערנע שיסעל פאר איין, פאפא און מאמא“, ענטפערט דאס קינד ערנסט.

„וואצו ברויכען מיר א הילצערנע שיסעל, קינד?"
האבען זיי ווידער געפרעגט פערוואונדערט.

„יא, יא", ענטפערט דאס קינד, „און אין וואס וועט איהרביידע עסען ווען איהר וועט אלט ווערען? איהר זעהט דאך דעם גראספּאטער אונטער דעם אויווען מיט זיין הילצערנער שיסעל, ווען איהר וועט אלט ווערען וועט איהר אויך זיטצען דארט און איך וועל אייך דערלאנגען עסען אין דער הילצערנער שי־סעל, וועלכע איך וועל מאכען פון דיא שטיקלאך האלץ, א, יא, מאמא, עס איז גוט, איך וועל טהאן אזוי וויא דוא האסט געטהאן?" און דאס קינד האט זיך ווידער גענומען צו זיין ארבייט אום צו אנגרייטען א שיסעל פיר זיין פּאפּא און מאמא אויף זייערע אלטע יאהרען.

דיא אומשולדיגע, ריכטיגע און לאגישע רייד פון קינד האבען געמאכט א שרעקליכע ווירקונג אויף זיינע עלטערען און טרעהרען האבען זיך בעוויעזען אין זייערע ביידענס אויגען.

מיט שטומע און פערשעהמטע בליקען האבען זיי געקוקט איינער אויף דעם צווייטען.

פון יענעם טאג אן, איז דיא לאגע פון דעם הילפ־לאזען אלטען מאן פיעל בעסער געווארען, דיא שנור האט איהם צו דעם טיש איינגעלאדען, צוזאמען הא־

בען זיי געשפייזט און מיט אלע מעגליכקייטען האבען זיי פערזיסט דאס לעבען פון דעם אלטען מאן.

דיעזע אלטע פאבעל בעלייכטעט דיא ווערטער פון דעם פינפטען היילינען ווארט:

„כבד את אביך ואת אמך למען יאריכון ימיך".

ווען מיר וועלען בעטראכטען דיא קולטור פון די אוראלטע פעלקער אין בעצוג פון קינדער צו זייערע עלטערען דאן וועלען מיר ערשט פערשטעהען דיא וויכטיגקייט פון „כבוד הורים".

דיא אלטע גערמאנער, דיא אורעלטערען פון די היינטיגע דייטשע פילאזאפען, פלעגען זיך אזוי נוהג זיין מיט זייערע עלטערען: יאהר איין יאהר אויס פלעגען זיי עקזאמינירען די אלטע לייט זייערע, דיא וועלכע זייערע אויגען האבען נאך געלויכטען, און זייערע ציינער זיינען נאך גאנץ, שיקט מען זיי צו הויז, ווען איז אבער געוועזען צו דיא יעניגע זקנים וועלכע זייערע אויגען זיינען געוועזען דונקעל און זייערע ציין זיינען ניט געוועזען אין ארדנונג, דיא אומגליקליכע זיינען מיט גרויס פאראד ארויפגעבראכט געווארען אויף דיא הויכע בערג, און זייערע איינענע קינדער האבען זיי אראפגעשטויסען פון דעם שפיטץ בארג, און ביז זיי זיינען ארונטערגעפאלען אין תהום אריין,

איז פון זייערע קערפּערס קיין גאנצען ביין געבליעבען.

דאס איז געווען אין דיא אוראלטע צייטען, דיא ענדע פון דיא גערמאנישע זקנים!

די אלטע סלאוויאנער האבען נאך פיעל ערגער און גרויזאמער בעהאנדעלט זייערע אלטע לייט.

אין א בעשטימטען טאג אין יאהר פלעגען דיא יונגע לייט נעהמען זייערע עלטערען וועלכע האבען שוין קיין קרעפטען געהאט צו יאכטען, בינדען זיי און צו קוילען זיי. אין זייערע בלוט האבען זיי זיך און זייערע קינדער געוואשען, דיא פלייש האבען זיי געבאקט און געפרעסען, און בעזאנדערס האבען זיי געמאכט א גרויסען פאראד מיט זייערע הערצער וועלכע זיי פלעגען אויפגעגעסען ווערען פון דיא יונגע מיידלאך, ווייל זיי האבען געגלויבט אז דאס וועט זיי צוגעבען חן.

דיא ביינער פלעגען דיא יונגע לייט צוקנאקען מיט זייערע ציין, גלויבענדיג, אז דאס וועט זיי גבורה צו געבען.

און דיא געטליכע שטימע האט געדונערט אויף דעם בארג סיני אין יענע פינסטערע צייט צו דעם אלטען ישראל:

„כבד את אביך ואת אמך למען יאריכון ימיך".
ליידער אבער זעהען מיר דיא לעצטע צייט אז

דיא הייליגע מצוה פון „כבוד אב ואם“ ווערט ביסלאכ־ווייז שלאפער און שלאפער ביי אונז, בעזאנדערס ווען דיא יונגע קינדער פון ארימע עלטערן שטודירען אויס דאקטאר אדער יוריסט ; דיא יונגע לייט געהען אריין אין א העכערע ספערע, זיי ווערען גאנצע אריס־טאקראטען און שעהמען זיך מיט זייערע ארימע היל͏פלאזע עלטערן וועלכע האבען זיי געגעבען לעבען און ליכט.

איין פאקט האב איך ביינגעוואהנט. אין דער שטאדט ט. ניט ווייט פון ניו יארק איז אריינגע־פאהרען מיט 18 יאהר צוריק א גרינער איד פון ס. רוס־לאנד, ניט קיין עם הארץ, ער איז געווען א מתפלל א קורא, א בעל תקיעה, מיט איין ווארט א אידישער מושלם ; א גאנצע וואך האט ער געפעדלט אין קאנטרי, זעהר שווער געארבייט, און שבת האט ער אויפגעלעבט. ער האט געדאווענט ביים עמוד, גע־לייענט אין דער תורה און מיט דעם גייסטיגען פערגע־ניגען האט ער געלעבט דיא גאנצע וואך. זיין פאמיליע איז געווען גאר קליין : ער, זיין פרוי און זיין זוהן, אבער זעהר א פעהיגער, ער האט זיין גאנצען לעבען געווידמעט פאר איהם ; ער האט איהם אפגעגעבען שטודירען. צעהן יאהר זיינען פאראיבער און זיין זוהן איז לאיער געווארען. ווער קען זיך פארשטעלען

דיא פרייד פון דיא אָרימע עלטערען ווען זיי האָבען דערלעבט זעהען זייער זוהן אן אמעריקאנער לאָיער.

אן אומגליק האָט איהם פּלוצלונג געטראָפען, זיין אלטינקע פרוי איז איהם אפּגעשטאָרבען, עלענד וויא א שטיין איז ער געבעך געבליעבען; דער זוהן האָט איין אפּים געעפענט אין א גרויסארטיגען פּלאַטץ, און ער, דער אלטער קען ניט צוקומען אהין. מרה שחורה־דיג איז ער געבאך געווארען פון צרות און איז קראַנק געווארען, דאן האָט איהם זיין זוהן דער לאָיער אין א קריסטליכען אנשטאלט איבערגעגעבען.

דער אנשטאלט איז ניט וויט פון שוהל וואו ער האָט אימער געדאווענט. ימים נוראים זיינען אָנגעקו־מען, דער אלטער האָט געעפענט דיא פענסטער און האָט תקיעות געהערט, גרויסע שטראָמען טרעהרען מיט בלוט יעמישט האָבען פון זיינע אויגען געפלאסען ווען ער האָט זיך ערָאינערט, אז צייט יאהרען לאנג איז ער דער בעל תקיעה געווען, און היינט?

מען דאווענט שוין מוסף, דער אלטער האָט זיך אָנגעשטריינגט צו הערען דעם חזן, און וויא ער האָט דערהערט דעם אויסגעשריי: „אל תשליכנו לעת זקנה!“ האָט ער א שרעקליכען געשריי געגעבען; אויף זיין בעטעל אנידערגעפאלען און זיין לעצטען אטהעמצוג אויסגעהויכט.

יא, זעהר א טהייערער אוצר איז ביי אונז דיא מצוה פון „כבוד הורים“. זיא האט אונז געגעבען „אריכות ימים“, זיא האט אונז געגעבען קרעפטען אויסצוהאלטען אונזער לאנגען ביטערען גלות, און מיט אלע קרעפטען מוזען מיר וויעדערהאלען איינער צו דעם צווייטען:

„כבד את אביך ואת אמך למען יאריכון ימיך!“



# אמור

## הדת והדעת רעליגיאן און וויסענשאפט.

„על המנורה הטהורה יערוך את הנרות לפני ד' תמיד" (ויקרא כ"ד. ד.)
„על המנורה הטהורה, על טהרה של מנורה שלא יסמכנה בקיסמין ובצרורות" (ילקוט שמעוני).

א שרעקליכער קאמפף עקזיסטירט אימער צווי־שען דיא צוויי גייסטיגע ריזען קרעפטע: „רעליגיאָן און וויסענשאפט" אדער „גלויבען און פערנונפט"; עס איז ווירקליך קיין צאָהל דאָ צו דיא דערשלאָגענע וועלכע זיינען געפאלען פוןביידע זייטען, נור דיא ערשטע איז אימער מעכטיגער פון דער צווייטער מיט איהר פייער פון אייפערזוכט, און ברענעדיגען צאָרן.

פון סאָקראטוס דעם גרויסען גריעכישען פילאזאף ביז דיא אונצעהלבארע קרבנות פון דיא פינסטערע אינקוויזיטאָרען אין דיא מיטעל עלטער יאהרען, פלי־סען טייכען מיט מענשען בלוט, אונשולדיגע ריינע הייליגע בלוט פון דיא גרעסטע מענשען־קינדער, וועלכע האָבען זיך אויפגעאָפפערט אין דעם גרויזאמען קאמפף פון רעליגיאן און וויסענשאפט.

ניט נור דיא פרייע מענשען האָבען די פינסטערע

פאנאטיקער פערברענט לעבעדיגערהייט, זאגאר מיט דיא וויסענשאפטליכע ביכער האבען זיי זיך גערעכענט און האבען פון זיי בערג אש געמאכט; דער מחמדא־נישער פינסטערער קאליף האט פערניכטעט דיא אלעקסאנדרינער גרויסע קאסטבארע ביבליאטהעק מיט טויזענדער ביכער, רעכטמאכענדיג זיין ברוטאלע טהאט מיט דער פארשימעלטער מחמדאנישער לאגיק: „אויב עס איז דא אין דיא ביכער עטוואס וואהר־הייט איז דאך דאס שוין געזאגט געווארען אין דעם הייליגען אלקאראן און אויב עס איז אין אלקאראן ניטא, איז דאס ניט קיין וואהרהייט". א פיעל מענש־ליכע דיינקונגס קראפט איז דאן פערניכטעט געווארען פון דעם פינסטערען אויטאקראטישען קאליף! —

דיא יעזואיטען האבען פערברענט טויזענדע מא־נוסקריפטען וועלכע האבען עטוואס ליכט און פערנופט אין זיך געהאט, און עס איז גאר קיין וואונ־דער וואס דער תלמוד איז פיעל מאל געברענט געווא־רען, ווען דיא פינסטערע יעזואיטען האבען זאגאר פער־באטען צו שטודירען דעם בייביל אום דאס פאלק זאל ליגען נור אין פינסטערניס און אונבעוואוסטזייט.

אבער ניט אזוי איז מיט אונזער אידישער רע־ליגיאן, וועלכע האט אנגעזאגט, אז „על המנורה הטהורה יערוך את הנרות לפני ד' תמיד", דאס הייסט

נור אויף דער ריינער מנורה פון חכמה און פערנונפט
זאָל מען איינאָרדנען דיא רעליגיעזע ליכט פאר גאָט.
און דער ילקוט ערקלעהרט נאָך דייטליכער: „על המנורה
הטהורה, על טהרה של מנורה שלא יסמכנה בקסמין
ובצרורות“, דאָס מיינט אז דיא רעליגיאָן מוז אבסאָ־
לוט ריין זיין; עס זאָל זיך אין איהר ניט ארייננמישען
שפּענער מיט אבּפאָל פון אבערגלויבען און נארישקייט
מיט בעטרוג וויא אין אנדערע רעליגיאָנען; אונזער
רעליגיאָן איז א צווילינג שוועסטער צו דיא וויסענ־
שאפט. זיי זיינען ביידע הימלישע טעכטער פון דעם
ליכטיגען אונשטערבליכען בעשעפער.

אונזער רעליגיאָן האָט ניעמאלס פערזאָגט ווענען
גלויבען „האמין“ „ואל תאמין“, „גלויב“ אָדער „ניט
גלויב“; זיא האָט בלויז בעפאָהלען „עשה“, „ואל
תעשה“ „טהו“ אָדער „ניט טהו“.

אברהם, דער ערשטער איד, האָט זיך ניט גע־
שעהמט און מיט שטאָלץ געפרעגט ביי גאָט „במה
אדע?“ מיט וואָס קען איך זיין איבערצייגט?—נאכ־
הער שטעהט „והאמין בה׳“, אז ער האָט געגלויבט אין
גאָט. און אויף דעם שרייבט נאכהער דיא תורה
„ויחשבה לו צדקה“, אז ער, גאָט, האָט דאָס גערעכענט
אברהם׳ן פיר א גערעכטיגקייט.

ווען דיא אידען זיינען פון מצרים ארויסגעגאנגען

ערצעהלט אונז דיא תורה מיט דעם לשון : „וירא ישראל את מצרים מת על שפת הים ; וירא ישראל את היד הגדולה, אשר עשה ד׳ במצרים, וייראו העם את ד׳ ויאמינו ב״ד ובמשה עבדו״. דאס מיינט „ווען ישראל האט געזעהען דיא עגיפטיאנער טויטע ביים ברעג ים און ווען ישראל האט זיך איבערצייגט פון אלע וואונדער וועלכע גאט האט געטהאן אין מצרים, דאן האבען זיי מורא געהאט פיר גאט און זיי האבען גע־גלויבט אין גאט און אין משה׳ן זיין קנעכט.

מיט איין ווארט : אונזער תורה הייסט ניט גלויבען בלינדערהייט ; זיא זאגט אונז אן מיט דיא ווערטער : „דע״ „וידעת״ „שמע״ „ראה ועשה״, וויים און דוא זאלסט פערשטעהען, הער, זעה און טהו, אבער ניט איינפאך גלויבען בלינד און אהן פערשטאנד זא וויא אנדערע רעליגיאנען לערנען זייערע אנהייגגער.

שמואל דער גרויסער פראפעט האט געזאגט : „הנה שמוע מזבח טוב להקשיב — מחלב אלים״, דאס הייסט : פערשטעהען איז בעסער וויא קרבנות בריינגען ; בעגרייפען איז העכער פון דיא בעסטע אפפער״.

דער גאנצער ספר „משלי״ האלט אין איין לויבען און ריהמען דיא חכמה און וויסענשאפט אויף דעם העכסטען גראד ; בן אמוץ, דער פרינץ פון דיא

נביאים, האָט אויסגעשריען : „לכן גלה עמי מבלי הדעת !" „מיין פאָלק איז פערטריעבען געוואָרען, ווייל ער האָט ניט געהאט אין זיך קיין וויסענשאפט" ; דער נביא הושע בן בארי האָט געדונערט מיט זיין פּראָפּעטישע שטימע : „נדמו עמי מבלי הדעת, כי אתה הדעת מאסת ואמאסך מכהן לי" ; אונגליקליך איז געוואָרען מיין פאָלק אָהנע וויסען, און ווייל דוא האָסט פערלאָזען דיא וויסענשאפט, האָב איך דיר ענטלאסען פון צו דינען מיך" ;ירמיה דער הייליגער פּראָפעט און פּאטריאט האָט אויסגעדריקט זיין פערלאנג פון זיין פאָלק מיט דיא ווערטער : „כי למקטנם ועד גדולם ילכו לדעת את ד'",אז פון דעם קלענסטען ביז דעם גרעסטען זאָלען זיי זיך בעמיהען צו שטודירען און וויסען דיא גאָטהייט".

עזרא דער צווייטער משה, האָט געלערנט דאס פאָלק אין דער תורה מיט ערקלעהרונגען און מיט שכל, ביז זיי האָבען פערשטאנען דיא הייליגע שריפטען „קרא בספר בתורת האלהים מפרש ושום שכל ויבינו במקרא".

דיא „תנאים" און דיא „אמוראים" דיא ארכיטעקטען פון דעם גרויסען הייליגען לאבירינט דער „תלמוד" האָבען געלערנט, געשטודירט און פערשטאנען אלע צווייגען פון וויסענשאפט וויא ווייט מעגליך עס איז געוועזען אין זייערע צייטען. פון וואס בעשטעהט דיא

גאנצע „מסכת חולין", אויב ניט פון פיזיאָלאָגיע און זאָאָלאָגיע? און וואָס איז „ערובין" און „סכה" אויב ניט מאטעמאטיק? גאנץ סדר נזיקין איז יוריספרו־דענציע; דיא סנהדרין האָבען געמוזט זיין פילאָלאָ־גען און זאָ וו. און זאָ. וו.

דיא אנשי כנסת הגדולה, וועלכע האָבען פער־פאסט אונזערע תפלות, האָבען דיא ערשטע תפלה פון „שמונה עשרה" אוועקגעשטעלט וועגען וויסענשאפט, פערשטאנד און פערנונפט, „חננו מאתך דעה בינה ודשכל" דאס הייסט בעפאר דער איד בעט ביי גאָט פאר זיין געזונד, לעבען און צום לעבען, איז דיא ערשטע זאך געפינט ער פאר נויטהווענדיג צו בעטען פאר וויסענשאפט און פערנונפט, ווייל אָהנע זיי איז ער ניט קיין איד און ניט קיין מענש.. וויא דער תלמוד דריקט זיך אויס: „אם אין דעה הבדלה מנין?!" דאס הייסט אז א מענש וואס האָט אין זיך קיין וויסען קען ניט אורטהיילען וועגען קיין געגענשטאנד. נאָך אין אן אָרט זאָגט דער תלמוד נאָך שטארקער: „כל תלמיד חכם שאין בו דעה נבלה טובה הימנו". אז א למדן וועלכער האָט קיין שכל ניט, איז א נבלה בעסער פון איהם; יעדען טאָג בעפאָר „קריאת־שמע" בעט דער איד: „ותן בלבנו להבין, ולהשכיל לשמוע ללמוד וללמד", „אָ גאָט גיעב אונז דעם געפיהל צו פער־

שטעהען און צו קלינגען זיך, צו שטודירען, לערנען און בעלערנען דעם צווייטען, ווייל דאס יודענטהום צייכענט זיך אויס פון אלע רעליגיאנען, מיט דעם וואס עס איז געבויט און פעסט געשטעלט אויף פערנונפט און וויסענשאפט, צו לערנען טוגענד. אונזערע נביאים האבען זיך אינטערעסירט ניט נור מיט אונז, זיי האבען פראפעצייהעט איבער אלע נאציאנען אין זייער צייט. ישעיה האט געשפראכען מיט דעם זעלבען געטליכען פייער איבער „צור", „מואב", „בבל" און „אשור" און האט זאגאר קיינע טרעהרען געשפארט אויף מואב'ס מפלה, וויא ער דריקט זיך אויס: „גפן שבמה אריוך דמעתי!" „דוא וויינשטאָק פון שבמה, איך וועל דיך אָנזעטיגען מיט מיינע טרעהרען".

* * *

אין דיא מיטעל עלטערע יאהרען ווען א שוואר־צער פינסטערער וואָלקען האט פערדעקט דיא הימלען פון אלע אייראפעאישע פעלקער, האבען דיא גרויסע אידישע געלערנטע ארויסגעשיינט וויא ליכטיגע שטע־רען, און זיי האבען בעלויכטען דיא גאנצע וועלט. „רבי משה בן מימון", „רבי יהודה הלוי", „בני עזרא", „בן גבירול", „בן נחמן", „בן גרשון", „בדרשי", דיא קמחים און נאך האבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייער

אלגעמיינע וויסענשאפט אין אלע צווייגען פון דיא חכמות פון יענער צייט.

זעהר אינטערעסאנט און בעלעהרענד איז דער ביי־שפיעל, וועלכער „רבנו בחיי“, דער פערפאסער פון דעם אונשטערבליכען ספר „חובת הלבבות“, האט געגעבען וועגען דיא אונוויסענדע גלויביגע, וואס גלויבען בלינ־דערהייט און נעהמען זיך ניט דיא מיה צו פערשטעהן דאס וואס זיי גלויבען און פערלאזען זיך אלץ נור אויף דעם צווייטען. ער שטעלט פאר אזא בילד. איין זעהענדיגער מענש געהט און אויף זיין שולטער שפארט זיך אן איין בלינדער און געהט נאך איהם בלינדערהייט; אויף דיעזען בלינדען שפארט זיך אן נאך א בלינדער און זא ווייטער, ביז הונדערטער, טוי־זענדער, און זאגאר מיליאנען בלינדע מענשען געהן נאך אלץ נאך איין זעהענדיגען.... און וויא שרעקליך איז דער אונגליק, אז דער איין זעהענדיגער מאן מאכט א פאלשען טריט און פאלט, און נאך איהם פאלען אנידער אלע מיליאנען בלינדע. וויא גרויזאם דער אונ־גליק איז!.... ניט אזוי איז אבער דער פאל, ווען עס געהט א מחנה זעהענדיגע מענשען, דאן, אז דער ער־שטער פאלט, בלייבט דער צווייטער שטעהן, און דער אונגליק איז ניט גרויס, וועיל אויב איינער האט א טעות קומט דער צווייטער און מאכט ארדנונג.

# אמור

דאָס איז א ריכטיגע בילד פון דער קאטוילישער רעליגיאָן. דיא מיליאָנען קאטוילען דיינקען גאָר ניט און פערשטעהן ניט. געהן נאָך בלינדער הייט נאָך דעם איינעם זאָגענאנטען זעהענדיגען מענשען, וועלכער זיצט אין וואטיקאן אין רוים אויף פעטער דעם פישער'ס שטוהל, וועלכער איז אונטערגעשפארט מיט „קיסמין וצרורות", טרוקענע שפענער מיט פערשימעלטע לע־גענדעס פון אבערגלויבען.

און דארום האָט מען אונז אָנגעזאָגט אין הייני־גע סדרה: „על המנורה הטהורה יערוך את הנרות לפני ד' תמיד, על טהרה של מנורה, שלא יסמכנה בקסמין ובצרורות".



# בהר

## אן ערקלעהרונג וועגען די עקאנאמישע בעדייטונג פון „יובל" דאס הערליכסטע און הומאנסטע געזעץ וואס האט געקענט פערענטפערען אלע עקאנאמישע פראגען אין גליקליך מאכען די גאנצע מענשהייט.

„ושבתם איש אל אחוזתו ואיש אל משפחתו תשובו" (בהר).

„ביום הכפורים תעבירו שופר בכל ארצכם: מכאן אמר רבי ישמעאל מר"ה ועד יום הכפורים לא היו עבדים נפטרים לבתיהם ולא היו משתעבדים לאדוניהם, אלא אוכלים, שותים ושמחים ועטרותיהם בראשיהם; כיון שהגיע יום הכפורים תקעו בית דין בשופר, נפטרו העבדים לבתיהם ושדות חוזרות לבעליהן". (ראש השנה. ח).

אונזער תורה ווערט צוטהיילט נאך דער תלמודישער לעהרע אויף צוויי טהייל, דאס הייסט עס זיינען דא צוויי סארטען „מצוות"; איין סארט זיינען דיא „מצוות התלויות בארץ" אזעלכע פפליכטען וועלכע זיינען אבהענגיג פון דעם לאנד, וואו זיי קענען נור ערפילט ווערען, ווען דיא אידען זיטצען נור אויף זייער ארט אין ארץ ישראל, צום ביישפיעל: מעשרות, תרומות, לקט, שכחה, פאה עוללות א. ד. ג.

דיא אנדערע סאָרט מצוות זיינען דיא מצוות שאינן תלויות בארץ", אזעלכע פליכטען וועלכע זיינען ניט אפּהייננגיג פון דעם לאנד; איבעראל אויף דעם גאנצען ערד־קוגעל וואו א איד זיצט איז ער פער־פליכטעט צו ערפילען זיי וויא תפילין, מזוזה סכה, א. ז. וו.

עס איז גאָר אָהן א צווייפעל, אז דיא „מצוות התלויות בארץ", זיינען דיא שעהנסטע, ערהאבענסטע, און דיא הייליגסטע מיט וועלכע מיר קענען ווירקליך שטאָלצירען געגען אלע נאציאנען און רעליגיאנען, וויא אונזער גרויסער מחוקק האָט זיך אויסגעדריקט: „כי היא חכמתכם ובינתכם לעיני כל העמים", אז אלע נאציאנען קענען זעהען אונזער קלוגשאפט זיין פערנונפט נור אין איהר, אין דער תורה. דיעזע אלע מצוות זיינען פול מיט מענשען־ליעבע; פול מיט דעם העכסטען גראד פון ציוויליזאציאן.

אָבער ווען דיא אלע מצוות וויא שמיטה, פּאה לקט עוללות, שכחה, פּרט און בכורים שיינען וויא ריינע דיאמאנטען אין אונזער תורה, שיינט דיא מצוה פון יובל איבער זיי אלע וויא א הערליכער בריליאנט, און איהרע שטראהלען בעלייכטען נאָך עד היום מיט פראכט און גלאנץ דיא אידישע לעהרע.

ניט זייענדיג קיין סאָציאליסט און זאָגאר קיין

אָנהייִנגער פון קארל מארקס, דער פּאָטער פון דער סאָציאליסטישער תורה, מוז איך דאָך מודה זיין אז אונזער געזעלשאפט האָט נאָך ניט דערגרייכט צו דער שטופע פון תכלית השלמות אין דיא עקאָנאָמישע אנ־געלעגענהייטען ; דער קאמפף צווישען דער בעזי־צענדער און ניט בעזיצענדער קלאסע הערשט איבעראל, ניט נור אין די אלטע און פינסטערע מדינות אונטער דיא דעספּאָטען און אוטאָקראטען, זאָנדערן אפילו אין דיא לענדער וואו דאס שטראהלענדע ליכט פון דער העכסטער ציוויליזאציאן האָט איינגעררונגען, דיעזע אייביגע מלחמה שטורמט אויף לענדער און צערשטערט פעלקער ; קיין חכם און קיין פּאָליטישער עקאָנאָם האָט נאָך ניט אָנגעפאנגען צו פערענטפערען די פראגע אויף א פערנינפטיגען רוהיגען אופן, אום עס זאָל זיין גוט פיר אלעמען און פיר יעדע קלאסע בעזונדער.

לאָמיר אָבער זעהען וויא בעהאנדעלט אונזער תורה דיעזען ענין ; מיר וועלען דאָ אויסגעפינען אז דער יובל איז דיא וואהרע רפואה צו דיעזע עקאָנאָמישע קראנקהייט, און ווען דיא מענשהייט בכלל זאָל זיך געווען פיהרען נאָך דיעזע רעגעלען פון תורת משה, דאן וואָלטען מיר ניט ליידען פון דיעזע געפעהרליכע עקאָנאָמישע פראגע.

אונזערע אור־אור־עלטערען, דיא אידען וועלכע

זיינען ארויס פון מצרים זיינען אלע געווען גלייך אין רייכטהום; זיי זיינען בעפרייט געווארען פון שקלאפעריי, און זיי זיינען געגאנגען ערווערבען א לאנד אום צו ווערען אקערבויער; דיא גאנצע תורה אונזערע איז פול מיט נאטור און לעבען פון נאטור קינדער פון א לעבעדיגע נארמאלע נאציאן; טהוי און רעגען זיינען איהרע ברכות; הונגער און טריקעניש אין דיא פעלדער זיינען איהרע קללות.

משה האט געוואוסט אז דאס לאנד וועט צורטהיילט ווערען פיר אלעמען גלייך; אבער וואו איז א מיטעל זיי זאלען בלייבען אימער גלייך? עס קען דאך טרעפען אז איין אקער בויער איז פון דער נאטור א קרעפטיגער מענש, זיין פרוי איז א געזונטע, זייערע קינדער זיינען שטארקע און קרעפטיגע וועלכע העלפען איהם בעארבייטען זיינע פעלדער און וויינגערטנער און ער ווערט וואס ווייטער רייכער און רייכער; דער שכן זיינער איז א שלאפער מאן, זיין פרוי איז א קראנקע און זיי זיינען קינדערלאז, דיא לאנד זיינע ווערט לעהר און וויסט, ער ווערט פארארימט און ער איז גענויט צו פערקויפען א שטיק לאנד זיינע צו זיין רייכען שכן, ער ווערט וואס ווייטער אלץ ארימער און ארימער, ביז ער מוז זיך זעלבסט פערשקלאפען און פון אזעלכע געוועהנליכע צופעלע קענען זעהר

שנעל זיך אויסבילדען צוויי קלאסען : אונגעהויער רייכע און זעהר ארימע ; הערען און שקלאפען, אונ־טערדריקער און אונטערדריקטע, אָדער וויא מען רופט זיי אַן היינט : בורזשוא און פּראָלעטאריער.

דאס האָט דיא תורה פערהיט מיט דעם „יובל“.

„וקדשתם את שנת החמשים שנה, וקראתם דרור בארץ לכל יושביה יובל היא תהיה לכם ושבתם איש אל אחוזתו ואיש אל משפחתו תשובו !“

„און איהר זאָלט פערהייליגען דעם פופציגסטען יאהר, און איהר זאָלט פּראקלאמירען פרייהייט אין דעם לאנד צו אלע איהרע איינוואָהנער, וויל דאס איז יובל און איהר זאָלט זיך אומקעהרען יעדערער צו זיין לאנד און צו זיין פאמיליע !“

דאָ קומט דער תלמוד און שטעלט אונז פאר זעהר א רייכעס פאנטאסטישעס בילד : אז אין דעם יובל־יאהר פון ראש השנה ביז יום כפור, דיא אלע צעהן טעג, זיינען דיא קנעכט נאָך ניט אוועק אהיים, אבער זיי זיינען שוין געוועזן פריי פון זייער ארבייט ; זיי האָ־בען נור געגעסען, געטרונקען און מיט פרייהייטס קרוי־נען פלעגען זיי בעפּוצען זייערע קעפּ און אמוזירען זיך; וויא עס פלעגט קומען דער הייליגסטער טאָג יום כפור האָט דיא רעגיערונג געבלאָזען שופר צום צייכען פון

פרייהייט, דאן זיינען דיא קנעכט צוריק צו זייערע הייזער געגאנגען, און דיא פערקויפטע פעלדער און דיא וויינגערטנער האבען זיך אין דעם מאמענט פון דעם שופר־סיגנאל פון פרייהייט אומגעקעהרט צו זייערע ערשטע בעזיצער.

קענען מיר זיך היינט אין אונזער פאנטאזיע פאר־שטעלען אזא הערליכעס היילינעס פרייהייטס בילד ?! קענען מיר היינט האבען דעם בעגריעף פון דעם פסי־כאלאגישען מאמענט וויא דער ארימער מאן וועלכער האט פערקויפט זיין פעלד און איז אליין פערשקלאפט געווארען ווערט פלוצלונג פריי און בעקומט צוריק זיין לאנד ? ! געטליך איז דער יובל און הייליג איז דער זאץ : „וקראתם דרור בארץ לכל יושביה !“ און ניט אומזיסט האט אונזער ליעבער אנקעל סעם דעם פסוק אויסגעקריצט אויף זיין פרייהייטס גלאק וועלכער הענגט נאך היינט אויף אין דעם אמעריקאנער היסטא־רישען פרייהייטס האל אין פילאדעלפיא.

אויף דעם איין פסוק פון דער תורה : „והארץ לא תמכר לצמיתות, כי לי הארץ“ און דאס לאנד זאל ניט פערקויפט ווערען אויף אייביג, ווייל דאס לאנד איז מיין אייגענטהום — אויף דעם איין פסוק האט דער ניט לאנג פערשטארבענער אמעריקאנער געלעהרטער הענרי דשארדזש געבויט אין זיין אונ־

שטערבליכע ווערק זיין גאנצע סיסטעם פון „סינגעל־טעקס“, און גראף טאלסטאי האט זיך אויסגעדריקט אז דיא ווערק איז דיא בעסטע פון דער גאנצער איינג־לישער ליטעראטור אין דיעזען ליין, און הענרי דזשארדזש איז דער מאן וועלכער האט גרינדליך פער־שטאנען דעם זין פון דיעזען פסוק אין תורת משה.

מיט איין ווארט : דאס יודענטהום איז דיא קרוין פון אלע רעליגיאנען, און יובל איז דיא קרוין פון דאס יודענטהום !

א, אידישע פרייהייטס ליעבהאבער, שטודירט אייער תורה, דאן וועט איהר זיא שעצען און ליעבען ווייל זיא איז דער קוואל פון ליכט און פרייהייט !

וקדשתם את שנת החמשים שנה !

„ושבתם איש אל אחוזתו ואיש אל משפחתו תשובו“.

אין דיעזע איינינע ווערטער ליגט דער תמצית פון אמת׳ע פרייהייט, אז יעדער מענש זאל שטרעבען צו אומקעהרען זיך צו זיין אייגענע „אחוזה“ און צו זיין אייגענע „משפחה“, און וויא נאריש און ניט פראקטיש איז דיא זאגענאנטע אינטערנאציאנאלע אדער קאסמאפאליטישע בעוועגונג פון „תפסת מרובה“, וועלכע וויל בעפרייען דיא גאנצע וועלט. די אנהיינ־גער פון דיעזער בעוועגונג זיינען אליין וויסטע שקלא־

פען אין דער גאנצער וועלט ביי אלע נאציאנען. צו דיזע אונגליקליכע שווערמער מוזען מיר נאציאנאליס־טען בלאָזען מיט דעם שופר פון נאציאנאליסטישע פרייהייט: „ושבתם איש אל אחוזתו ואיש אל משפחתו תשובו!“ קעהרט זיך אום קינדער פער־אירטע, קעהרט זיך אום צו אייער פאָלק; צו אייער לאנד; צו אייער געשיכטע; צו אייער שפראך, צו אייער ליטעראטור צו אייער טראדיציאָן, צו אייער מאָראל און צו אייער פאמיליען לעבען.

„וקראתם דרור בארץ לכל יושביה, יכול בארץ אין בחוץ לארץ לא? ת״ל כי יובל הוא מכל מקום, אם כן מה ת״ל בארץ? אלא בזמן שהדרור נוהג בארץ נוהג בחוץ לארץ; אין הדרור נוהג בארץ אין נוהג בחוץ לארץ!“ (קדושין ל״ז).

אָט אין דיזען תלמודישען מאמר ליעגט דער עקסטראקט פון דער ציוניסטישער אידעע, אז דער איד קען ניעמאלס בעפרייט ווערען, נור ווען ער זאָל זיין פרייהייט פראקלאמירען אין זיין אייגענע לאנד, ווייל מען האָט אונז איין מאָל אָנגעזאגט: „וקראתם דרור בארץ“.



# בחקותי

**דער שווערד און די פּען. — דאָס שטיינען און פאַלען**
**פון נאַציאָנען. — די וואונדערבארע געדאנקע**
**פון אונזערע חכמים. — ישראל סבא׳ס**
**אונשטערבליכקייט און די נאַ־**
**טור׳ס בוכהאלטונג.**
**התוכחה, הסייף**
**והספר.**

---

„אם בחקותי תלכו... ואם בחקותי תמאסו...
הסייף והספר נתנו מכרכין מן השמים אם
תשמרו מה שכתוב בספר הזה תנצלו מן הסייף.
ואם לא הוא הורג אתכם, רבי שמעון בן יוחאי
אומר: הככר והמקל נתנו מכרכין מן השמים.
אם שמרתם את התורה הרי הככר לאכול ואם
לא הרי המקל ללקות בו. (ילקוט שמעוני).

„והפריתי אתכם והרבתי אתכם בקומה
זקופה“. (הנ״ל).

אין דיעזען קליינעם שטיקעלע ילקוט ליעגט דער
גרויסער זינן און דער גאנצער טענדענץ פון אונזער
תורה; דאָס הייסט איהר פּאזיטיווע און איהר
נעגאטיווע זייט; דער „חיוב“ און דיא „שלילה“,
וויא דיא העברעער רופען דאס; אין „חיוב“ ליעגט:

לעבען, גליק, געזונד און אלעם גוטעם; אין „שלילה"
— אומגליק, קראנקהייט, טויט און אלע צרות; און
אלעם איז דאָ אויף דער וועלט וויא דער „שכר" אזוי
דער „עונש". — „אם בחקותי תלכו", אויב איהר וועט
נאָכפאלגען מיינע געזעצע, דאן וועט איהר האָבען
רעגען אין דער צייט; אייערע פעלדער וועלען זיין
געראָטהען און איהר וועט זיין פריש, געזונד שטארק
און זאט מיט אלעם גוטס.

„אם בחקותי תמאסו", אבער אויב איהר וועט ניט
פאָלגען מיינע געזעצע, דאן וועל איך אייך קיין רעגען
געבען, אייערע פעלדער וועלען אויסגעטריקענט ווע־
רען, און איהר וועט זיין קראנק, עלענד און הונגעריג,
עס וועט אויף אייך פאלען דיא גאנצע „תוכחה".

דער ילקוט דריקט אויס דיא זעלבע אידעע אין
זעהר א שעהנעם רייכען בילד:

דער שווערד מיט דער ספר תורה זיינען צוזאמען
נעגעבען געוואָרען פון הימעל, דאס מיינט: אויב איהר
וועט היטען דאס וואס עס איז אָנגעשריעבען אין דער
תוכחה וועט איהר זיין געראטעט פון דעם שווערד;
אָבער אויב איהר וועט ניט היטען דיא געזעצע פון
דעם ספר, דאן וועט דער שווערד אייך פערניכטען.
רבי שמעון בן יוחאי זאָגט דעם זעלבען רעיון איינפא־
כער: א לעבעל ברויט מיט א שטעקען צוזאמען זיי־

נען געגעבען געוואָרען פון דעם הימעל, דאס מיינט אויב איהר וועט היטען דיא תורה וועט איהר האָבען ברויט צום עסען און אויב ניט וועט איהר מיט דעם שטעקען געשלאָגען ווערען.

און מיר זעהען דאָס פּראקטיש אין לעבען פון דעם איינצעלנעם מענשען, פון פּרט, גראדע וויא פון א נאציאָן ; מיר זעהען זעהר פיעל אונגליקליכע, ליידענשאפטליכע מענשען וועלכע קענען זיך זעלבסט ניט קאָנטראלירען אום אָפּצוהיטען דיא מאָראלישע געזעצע, וועלכע דער בעשעפער האָט בעשטימט אין דער נאטור ; דיא סארט מענשען לעבען זעהר גיך אָפּ, ווייל זיי פערשווענדען דיא נאטירליכע לעבענס קראפט, וועלכע דיא נאטור האָט זיי געשאָנקען מיט א בעשטימטע מאָס, כדי זיי זאָלען קענען עקזיסטירען זיעבעציג אָדער אכציג יאהר. זיי פערשווענדען דיעזען קראפט אין אייניגע געצעהלטע יאהרען, זיי ווערען אלט, שלאף, פערוועלקט פאר דער צייט ; בעקומען שרעקליכע שמערצען און קראנקהייטען און זעגענען זיך אָפּ מיט דער וועלט גאָר יונגערהייט ; זיי זעהען זיך ארום גאנץ שפּעט, ווען דיא קרעפטען זיינען שוין אוועק, דיא אויגען דונקעל, דיא נערווען אפגעשוואכט, דער גאנצער געבוי פון קערפּער פערניכטעט און צושמעטערט פון צופיעל לעבען. עס העלפט זיי קיין

חרטה ניט, ווייל דיא נאטור איז דער גרעסטער בוכ־האלטער פון דער וועלט און זיא פערצייכענט יעדע בעוועגונג פון דעם מענשען און זיין לעבענס־ארט; יעדען מאָראלישען פערברעכען געגען דער נאטור שטעלט זיא ארויף אויף זיין חשבון און זיא רעכענט אראפ פון זיין אייגענעם לעבענס־קראפט, מיט וועלכע ער איז באשענקט געווארען ביי זיין געבורט.

דאס זעלבע איז מיט א גאנצער נאציאן, א נאציאן לעבט אויך ניט אייביג. א פאלק איז ריכטיג וויא איין מענש, עס ווערט געבארען, עס איז יונג. עס ווערט עלטער, עס ווערט גאָר אלט און שטארבט, ווען עס לעבט מאָראליש לויט דיא נאטור געזעצע, היט אָפּ דיא געזעצע רוהיג און געלאסען, דאן דויערט זיין לעבענס קראפט, עס איז פריש און געזונד. אין געגענטהייל אָבער ווען א נאציאן ווערט דעמאראליזירט און גיעבט זיך איבער צו אירדישע ליידענשאפטען און ניעדעריגע, ווילדע טהאטען, דאן נוצט זיא אוים דיא לעבענס־קראפט שנעל און ווערט פערניכטעט ביז עס בלייבט פון איהר קיין זכר ושארית.

דאס איז געווען דער שרעקליכער רעזולטאט פון אלע אור־אור־אלטע פעלקער, וויא אשור, בבל, פרס גריעכענלאנד און דיא רוימער. זייער רעמאָראליזירטע קולטור האָט זיי געבראכט דעם פריהצייטיגען טויט,

און דיא נאטור, דיא בוכהאלטערין, האָט זיך מיט זיי פאָלקאָמען אפּגערעכענט און זיי פערניכטעט.

דאס זעלבע שרעקליכע בילד זעהען מיר הייטע מיט אונזערע אויגען ; א נאציאן פאנגט אָן אונטער־צוגעהן צוליעב איהר לייכטזיניגען לעבען און דעמאָראליזירטען צושטאנד. די שעהנע, נאָבעלע פראנקרייך האָט יאהר הונדערטע לאנג געשפּיעלט א זעהר גרויסע ראָלע אין דער וועלט־געשיכטע, און האָט אימער דיא ערשטע פיעדעל געשפּיעלט אין דעם וועלט פּאָליטישען ארקעסטער, איהר שעהנע שפּראך האָט געדיענט פאר דיא דיפּלאָמאטישע שפּראך איבער דעם גאנצען ערד־קוגעל אָבער היינט ווערט יאהר איין יאָהר אויס דיא פראנצויזישע נאציאָן געמינדערט אין צאָהל ; דיא רעגיערונג זוכט מיטלען צו פערטהיידיגען דעם אונטערגאנג, אָבער וויא עס ווייזט אויס איז שוין צו שפּעט ; דיא פילאָקסעראָ, דיא פערניכטענדע ווערעמלאך, האָבען זיך איינגעגעסען אין דעם פראנצויזישען פאָלק און פערניכטען זיי שרעקליך אהן שום רחמנות, ווייל „אין רחמים בטבע“, דיא נאטור רעכענט זיך יעצט אָפּ מיט דער שעהנער פראנקרייך פאר איהר צו לוסטיגען לעבען און פאר איהרע דעמאָראליזירטע מעשים תעתועים ; עס העלפט איהר ניט קיינע געקינסעלטע מיטלען ; דיאָ

נאטור טהוט איהרע ארבייט וויא דער בעשעפער האָט בעשטימט און דאס איז דער סוד :

„אם בחקותי תלכו.... הספר"
„ואם בחקותי תמאסו... הסייף".

דיא אַלע אויבען עראינערטע פעלקער זיינען די „בני סייף" דיא קינדער פון דעם שווערד, זייער קראפט איז געווען דער שווערד, און זייער מלאך־המות, זייער פערניכטער וואר אויך דער שווערד, ווייל זיי זיינען געווען „מואסים בחקים" און ניט גע־לעבט קיין נאָרמאלען לעבען.

אָבער מיר מיט אונזער „טהרת המשפחה" מיט אונזער נאָרמאלען פאמיליען לעבען, אונזער ניכטער־קייט און רוהיגקייט, נאָך דיא געזעצע פון תורת משה, זיינען „בני ספר" און דארום דויערט שוין אונזער עקסיסטענץ ביינאהע פיער טויזענד יאהר, און מיר זיינען נאָך פאָלקאָמען מיט אונזער נאציאָנאלע, מאָ־ראלישע קרעפטע, טראָטץ אונזער שרעקליכען גרוויזא־מען שיקזאל וועלכער פערפאָלגט אונז שוין צוויי טוי־זענד יאהר און ווארפט אונז אום מיט שרעקליכע שטורמס, רדיפות, גזירות און גירושים איבער דעם גאנצען ערד־קוגעל, גאָר אָהן רחמנות. מיר זיינען פערפאָלגט פון אַלעמען, פעריאגט פון אונזער טהייערע הייליגע היים, צוטריעבען און צו־ווארפען אין פער־

שיעדענע לענדער אונטער פערשיעדענע טיראנישע רעגיערונגען, וועלכע טראמפלען אונז מיט דיא פיס און אונטערדריקען אונז מיט זייער גאנצע פינסטערע מאכט און קראפט, ביז זיי האבען אונז געמאכט פאר צוועלף מיליאנען היימלאזע, מענשען־קינדער, וואנ־דערער און קראפטלאזע ברואים ; און טראטץ דעם האבען מיר אין זיך אזוי פיעל לעבענס־קראפט אז מיר זיינען נאך האפנונגספאל, דאס דער אלטער־נייער ישראל וועט זיך נאך אומקעהרען צו זיין אלט־נייי־לאנד !

רבי שמעון בן יוחאי האט דאס נאך בעסער פערשטאנען ; ער האט ערקלעהרט, אז דער „מקל“ דער שטעקען, ברייגגט אונז זעהר פיעל נוצען. דאס הייסט : ווען עס טרעפט א צייט, אז מיר הייבען אן „מואס בחקים“ זיין ; מיר פאנגען אן צו פערגע־סען אונזערע פליכטען צו דער תורה וועלכע איז א “תורת־חיים“ און מיר גיבען זיך איבער צו הוללות וסכלות, צו לייכטזיניגען לעבען, וויא אונזערע אלטע קאליעגען דיא אור־אלטע נאציאנען אין דער אלטער צייט, און דיא נייע אין אונזערע צייטען, דאן קומט דער „מקל“ דער „שנאת עולם לעם עולם“ און פער־פאלגט אונז אזוי לאנג, ביז מיר מוזען זיך אומקעה־רען צוריק צו „בחקותי תלכו“, צו אונזער מאראל, דאן

ווערט דער „מקל“ צוגענומען פון אונז. אזוי געהט דאס שוין מיט אונז ביינאהע 2 טויזענד יאהר, אָבער מיר זיינען זיכער אז דער ספר וועט איבערלעבען דעם סייף, ווייל דיא פען איז מעכטיגער פון דעם שווערד, און דיא „תוכחה“ וועט זיך ענדיגען, און דאן וועלען מיר אויסגלייכען אונזערע רוקענס, וועלכע האָבען זעהר פיעל געליטען פון דעם שרעקליכען „מקל“, און עס וועט מקוים ווערען דיא ברכה פון „והפריתי אתכם והרביתי אתכם“, וויא דער „ילקוט“ ערקלעהרט „בקומה זקופה“, דאס הייסט : מיט קראפט, מאכט און שטאָלץ כימים מקדם.



# במדבר

**אן איבערבליק איבער דאָס געבורט פון דער אידישער נאציאָן; גאָר אנדערש ווי דער געבורט פון אַלע נאציאָנען די אלטע און די נייע.**

---

„וידבר ד' אל משה במדבר סיני". (במדבר א)

---

„קול קורא במדבר פנו דרך ד' ישרו בערבה מסלה לאלהינו". (ישעיה מ.)

---

„זכרתי לך חסד נעוריך אהבת כלולותיך לכתך אחרי במדבר בארץ לא זרועה". (ירמיה ב.)

---

„לכן הנה אנכי מפתיה והולכתיה המדבר ודברתי על לבה ונתתי לה את כרמיה משם ואת עמק עכור לפתח תקוה" (הושע ב.)

עס גיעבט ניט קיין נאציאָן אויף דער וועלט, וויא פון די אלטע וועלכע זיינען שוין לאנג אונטערגעגאנגען, בלויז זייערע נעמען ווערען עראינערט אין דער אלגעמיינער געשיכטע, זא וויא פון דיא נייע לעבעדיגע נאציאנען פון דער געגענוואַרט, וועלכע זאָל אָנפאנגען איהר געשיכטע אָהן א לאנד, דאס הייסט זיא זאָל זיך אָנרופען מיט דעם נאָמען נאציאָן בעפאר איהר ערווערבען און בעזעצען זיך אין א בעשטימטע לאנד,

איינארדענען א רעגיערונג מיט בעשטימטע געזעצע, ווי פיר איהר פאסט, איינלעבען זיך מיט איהרע מנהגים און פארמען פון לעבען, נאך איהר גייסט נאך; און דאן ווען דאס פאלק איז שוין רוהיג באזעצט אויף זיין ארט מיט זיין שפראך, מיט זיין קולטור, מיט זיינע האפענונגען, שטרעבונגען, טהעטיגקייט אין גוטען זייט אדער אין שלעכטען, מיט זיינע פערבינדונגען מיט גוטע פריינד, אין קריעג קאמפף מיט זיינע פיינד און בעקומט זיעג אדער ניעדערלאגען — דאן פאנגט זיך אן זיין היסטאריע. זיא דערצעהלט פיר דער גאנצער וועלט פון זיין לעבען און טהעטיגקייט און דיא פער־העלטענים פון איהם מיט זיינע נאכבארען.

דיא אלטע פעלקער: מצרים, אשורים, בבלים, פרסים, יונים און רומים האבען ניט בעקומען זייערע נעמען אלס נאציאנען, און דיא געשיכטע האט פון זיי אבסאלוט ניט געוואוסט ביז זיי האבען זיך בעזעצט אין זייערע לענדער מצרים, אשור, בבל, פרס גריעכענ־לאנד און רוים; דאס זעלבע איז אויך מיט אלע נייע נאציאנען וועלכע לעבען נאך היינט; בעפאר האבען זיי זיך אין פאמיליען געגרופירט; זייער שפראך אויסגעארבייט, זייערע לענדער ערווארבען און נאכהער האבען זיי זיך אין נאציאנען ארגאניזירט, וויא עם דריקט זיך אוים קורץ און דייטליך אונזער

תורה ביי דעם אורשפרונג פון דיא אור־אור־אלטע אציאָנען פון נח׳ס דריי זיהן: שם, חם ויפת „מאלה נפרדו למשפחותם ללשונותם בארצותם בגויהם״ פאמיליע; שפראך; לאנד און נאכהער נאציאן.

עס האָט נאָך ניט געטראפען אין דער וועלט געשיכטע אז א פאָלק זאָל מאכען געזעצע אדער א קאָנסטיטוציאן בעפאָר ער האָט א לאנד; ער זאָל מאכען בעשטימטע ארדנונגען אין אגריקולטור בעפאר ער האָט נאָך געהאט א באדען אונטער זיינע פיס; ער זאָל פערשרייבען געזעצע וועגען גנב׳ענען, גזלן׳ען פארנעהמען דעם צווייטענס, איידער ער האָט נאָך געהאט עטוואס אייגענטהום.

אָבער ניט אזוי איז דער פאל מיט אונזער פאלק וועלכער האָט בעקומען זיין נאָמען אלס א פאָלק מיט א קאָנסטיטוציאן מיט א רעגיערונג, מיט געזעצע נאָך איידער ער האָט געזעהען זיין לאנד. די הייליגע „עשרת הדברות״ דער פונדאמענט פון דיא מענשליכע געזעצע און רעכטע, האָבען זיינע אויערען געהערט דונערענדיג פון בארג סיני אין דער מדבר: מען האָט איהם אָנגעזאָגט „לא תגנוב״, „לא תגזול״ אין דער צייט, ווען ער איז געשטאנען וויא א נאטור־קינד אין דער וויסטע און האָט ניט געהאט ביי וועמען צו גנב׳ענען און וואס

מען זאָל ביי איהם גנב'ענען; מען האָט איהם אָנגע־
זאָגט „לא תתאוה בית רעך שדהו ועבדו" „עס זאָל
זיך דיר ניט געלוסטען דיין חבר'ס הויז, זיין פעלד און
זיין קנעכט", אין דער צייט וואס ער זעלבסט האָט זיך
נור וואס בעפרייט פון קנעכטשאפט און האָט נאָך קיין
בעגריעף געהאט פון א הויז אָדער א פעלד, ער האָט
נאָך צומאָל קיין מענשליכע ברויט געהאט, און זיין
שפייז איז געווען דער הימעל מן. בלויז דיא געטליכע
הבטחה דורך זיין געזעצגעבער, אז ער פיהרט איהם
צו א לאנד האָט איהם געמוטהיגט און געמאכט פיר
אן אייביגען פאָלק וועלכער עס לעבט שוין ווידער
באלד צוויי טויזענד יאהר אָהן א לאנד, און אָהן א
רעגיערונג. ער לעבט און האָפט נאָך צו בעקומען וויע־
דער זיין לאנד.

„במדבר". שרעקליך און גרויזאם איז דער מדבר
פיר דיא רייזענדע קאראוואנען אָדער פיר דיא נאָמא־
דען וועלכע מוזען איהם דורך געהען אויף זייער רייזע;
קיין בוימעלע, קיין גרעזעלע, קיין פויגעלע, קיין סמן
פון לעבען, בלויז דער ברענענדער זאמד אונטער דיא
פיס, און דיא העלישע שטראהלען פון דער זון איבער
דיא קעפ און קיין טראפען וואסער צום ערקוויקען;
שרעקליכע ברענענדע שטורמווינדען, אויסגעמישט מיט
דעם ווילדען געשריי און ברומעריי פון פערבלאָנדזשע־

טע, הונגעריגע חיות וועלכע שלעפען זיך אום איבער
דיא גרויסע זאמדיגע בערג פון דער ווילדערניש, ווארר־
פען אן א שרעק אויף דיא אונגליקליכע רייזענדע און
זיי פארגעסען זייער הונגער און דורשט.

אָבער עס גיעבט ניט קיין שלעכטעס אָחנע גוטעס,
וויא שלעכט דער מדבר איז אזוי גוט און ערקוויקענד
זיינען דיא אָאזען; קליינע פרוכטבארע אינזעלאך
געפינען זיך אין דעם גרויסען זאמד־ים ריכטיג וויא
דיא יבשה אינזלען אויף דעם וואסער — ים. דיא
אָאזען זיינען א ברכה פון גאָט פיר דיא וואנדערער
אין דעם וויסטען מדבר. זיי ערקוויקען, באלעבען און
פרישען אָפּ דיא כחות און בענייען דיא ענערגיע און
דעם מוטה פון דיא וואנדערער מיט זייערע פליסענדע
קוואלען וואסער, מיט זייערע בליהענדע בוימער און
דעם מילדען לופט. דיא פערמאטערטע רייזענדע רוהען
זיך אָפּ, שטילען זייער דורשט, נעהמען זיך אָן מיט
נייע כחות און וואנדערען ווייטער אין דעם גרויסען
מדבר ביז זיי קומען ווייטער צו אן אָאזע און רוהען
זיך ווייטער אָפּ.

עס גיבט אָבער מאנכעס מאָל פאלשע אָאזען,
פאנטאסטישע, וועלכע דיא רייזענדע זעהען קוואלען
וואסער, גרינע לאָנקעס, געדיכטע וועלדער און מיט
אלע קרעפטען איילען זיי זיך צוצוקומען וואס גיכער

צו זיי און וויא גרויס איז דיא ענטטוישונג פון דיא
אונגליקליכע, אז וואס זיי געהען שנעלער פארוועטם
דעסטא גיכער ווערען פערשוואונדען דיא פאנטאס-
טישע אאזען, ביז זיי פאלען אנידער קראפט-לאז אין
דעם ברענענדען מדבר זאמד...

איז דאס ניט א ריכטיגע בילד פון אונזער נא-
ציאנאלען לעבען; שוין ביינאהע צוויי טויזענד
יאהר אז מיר וואנדערען אין דעם גלות-מדבר היימלאז
און פערשמאכט, פערפאלגט און נאכגעיאגט פון פער-
שיעדענע חיות אין מענשענגעשטאלט מיט שטורעמס
פון גזירות, רדיפות, שמד און באגראמען, גירוש און
עמיגראציאן; מיר וואלטען שוין לאנג ניט אויסגע-
האלטען דיעזע שרעקליכע צוויי טויזענד יאהריגע
וואנדערונג, און מיר וואלטען פערניכטעט געווארען
אויב ניט דיא אאזען אין וועלכע מיר געפינען א
ביסעל רוהע אפצואטהעמען און נעהמען זיך אן מיט
פרישע קרעפטען, מוטה און ענערגיע צו וואנדערן וויי-
טער אין דעם גרויסען שרעקליכען גלות-מדבר. מיר זיי-
נען א קאראוואן פון מדבר רייזענדע; א פאלק פון
נאמאדען, וועלכע וואנדערען פון איין לאנד צו דער
צווייטער אהן א ריכטיגען ציעל-בעוואוסטען וועג, און
אהן א וועג-ווייזער, אונזער גליק איז וואס אויף אונ-
זער לאנגען אונגליקליכען וועג האבען מיר געפונען

אין פערשיעדענע צייטען אאזען אין פערשיעדענע לענ־דער, וואו מען האט אונז געלאזען זיך א ביסעל אויס־רוהען און אנזאמלען נייע קרעפטען.

דער אונגליק איז נאך גרעסער וואס זעהר פיעל מאל זעהען מיר מיט אונזער קראנקע גלות פנאטאזיע פאלשע אאזען, מיר זעהען אסימילאטארישע חלומות, אינטערנאצינאלע טרוימען, קאסמאפאליטישע שווער־מערייען, און מיר לויפען צו זיי מיט דיא לעצטע כחות אונזערע; פיעלע פון אונז פאלען אויף דעם וועג מאכטלאז, און וואס מיר לויפען מעהר פארוועריטס איבערצייגען מיר זיך, אדער מען איבערצייגט אונז, אז מיר האבען געמאכט א פינסטערען טעות, און מיר זע־העו זיך ארום, אז מיר שטעהען איבער דיא קניה אין דעם זאמד פון גלות־מדבר.

אין דיא לעצטע יאהרען האט זיך ארומגעזעהען דער צוועלף מיליאנינער קאראוואן־גלות־מדבר וואנ־דערער, אז דיא אאזען וועלכע ער האט געזעהען פון דערוויטען זיינען בלויז בעשאפען געווארען אין זיין קראנקע פאנטאזיע; ער האט זיך בעדאכט אז עס איז גאר קיין תכלית ניט צו לעבען א נאמאדישען לעבען אין דעם צוואנציגסטען יאהר הונדערט, אפלעבענדיג פיער טויזענד יאהר אויף דער וועלט און ניט האבען קיין טהייל אין דעם ערד־קוגעל. ער האט זיך עראי־

נערט אן זיין אלטע געשיכטע וויא זיינע עלטערען זייד
נען געווארען א פאלק אין דעם מדבר, געקראגען זיין
הייליגע קאנסטיטושען אויף דעם בארג סיני, און גע־
גאנגען נאך דער לאנד כנען, און ער האט זיך יעצט אונ־
טער גענומען צו ווידערהאלען דיא געשיכטע, צו בע־
נייען זיך מיט נאציאנאלע קרעפטען און געהען צוריק
צו זיך אהיים, אין זיין אלטע היים פון זיינע נביאים
וועלכע האבען איהם פארשפראכען מיט דיא ווערטער
אין גאט'ס נאמען.

„ונתתי לה את כרמיה משם ואת עמק עכור
לפתח תקוה".



# רות

## דיא מגלת רות אלס פראכטפאָלע אידיליא; קורץ און בינדיג איז זיא אויפגעשריעבען; איהרע טיפען זיינען לעבעדיגע עס איז זעהר פאסענד צו לעזען איהר אם שבועות דעם חג הבוכורים.

---

„רבי מאיר היה דורש שמות: אלימלך שמאס חיי האכרים ואמר אלי תבא מלכות; נעמי: שהיו מעשיה נאים ונעימים; מחלון וכליון שנכלו ונמחו מן העולם".

(מדרש רבה רות).

אָהנע צווייפעל, אז פון אלע ווערקע אין אונזערע הייליגע שריפטען, כתבי הקדש, צייכענט זיך אוים דיא קליינע „מגלת רות", וועלכע ענטהאלט אין זיך בלויז קליינע פיער קאפיטלאך, מיט איהר זיסע און דייטליכע שפראך, מיט איהרע נאטירליכע און ריכ־טיגע בילדער, מיט איהרע לעבעדיגע טיפען וועלכע שטעהען פאר אונזערע אויגען אין זייער נאטירליכען קאָליר, וויא זיי שאפען, שטרעבען און האָפען. דיעזע פארטרעפליכע אידיליא הויבט אונז אויף העכער פון אונזער אלטעגליכען לעבען און פיהרט אונז אוועק וויים־ווייט אין דיא אריענטאלישע לענדער אין שנים

צייט; מיט אונזערע אויגען זעהען מיר דיא אידישע אקערבויער אויף דער אידישער לאנד, וויא זיי שניי־דען זייערע תבואות, און אונזערע אויערען הערען זייערע אידישע בעגריסונגען איינער צום צווייטען אין גאט׳ס נאמען.

איך צווייפעל ניט איך וועל זאגאר ניט מאכען קיין אירטהום ווען איך וועל זיך אויסדריקען, אז קיין ליטעראטור אין דער גאנצער וועלט, ביי אלע נאציאנען פון יענער צייט האט ניט געשאפט אזא קליינע אידיליא וואס זאל זיין אזוי שעהן, קורץ, בינדיג און לעבעדיג וויא אונזער מגלת רות.

און וויא הייליג איז דיעזע בילד און וויא פאסענד איז זיא פארגעלעזען צו ווערען פיר דיא מיליאנען אקערבויער, וועלכע האבען עולה־רגל געווען, צו בעזוכען דיא הייליגע שטאדט ירושלים, אין דעם אקער־בויערשען פייערטאג שבועות, דער „חג הבכורים“ אדער „חג הקציר“ וויא דיא תורה האט איהם א נאמען געגעבען. דיעזע קורצע ערצעהלונג מיט איהרע נאטירליכע לעבענס בילדער, מיט איהרע אידילישע סצענען האט ערמוטהיגט דעם אקער־בויער ער זאל ווייטער ארבייטען זיין פעלד מיט פליים; זיא האט איהם ערקלעהרט אז ער זאל ניט פערבלענ־דעט ווערען פון דעם פאלשען אוננאטירליכען גלאנץ

פון שטאדטישען לעבען ; ער זאל חלילה זיין לאנד ניט אוועק ווארפען וויא אלימלך, וועלכער ער האט פערלאזען זיין לאנד אין בית לחם און איז אוועקגע־גאנגען נאך מואב, און זיין ענדע איז געווען א שרעקליכע. ער מיט זיינע זיהן זיינען געשטארבען און זיין אונגליקליכע אלמנה האט זיך אומגעקעהרט צוריק ארים און הילפלאז ; דיא מגלת רות ווידער האט דעם אקערבויער זיין יחוס ערקלעהרט אז דוד בן ישי, דער גרינדער פון אידישען קעניגטהום, שטאמט זעלבסט פון אן ארימע אקערבויערין וועלכע האט פון נרוים ארמוטה געמוזט לקט קלייבען אין איהר צו־קינפטינגען מאן'ס פעלדער.

וויא טיעף איז דיא פסיכאלאגיע פון דיא צוויי טהייערע נשמות נעמי און רות ; וויא צארט, זאנפט און אדעל זיי זיינען, וויא אלע אריסטאקראטישע פרינצעסינס, פעסט, שטארק, מוטהיג און ענערגיש אין כאראקטער זיינען זיי געווען, און האבען מיט גערולד און שטאלץ איבערגעטראגען דיא ליידען און אונגליקען וועלכע האבען זיי פערפאלגט אהן רחמנות.

עס איז מערקווירדיג וואס אלע פערזאנען פון דער מגלה טראגען אויף זיך נעמען, וועלכע ציינען דיא כאראקטערע פון יעדען בעזונדער אין זיין האנד לונג, וויא דער גרויסער תנא רבי מאיר האט דאס בע־

מערקט : „אלימלך“ אלס אריסטאָקראט וועלכער האָט געווארפען אַן אום־חן אויף דעם אקערבויערשען לעבען ; ער האָט פערלאזען זיינע פעלדער אין יהודה און איז אוועק געגאנגען נאָך מואב שטרעבענדיג צו א קעניגליכען רייכען לעבען וויא זיין נאָמען אלימלך בעדייטעט „אלי תבא מלכות“ „איך וועל נאָך אמאָל לעבען א קעניגליכען לעבען. „נעמי“ שהיו מעשיה נאים ונעימים“. „נעם“ אין העברעאיש מיינט אנגענעהם, ליעבליך, דאָס הייסט, אז איהרע אלע האנדלונגען זיינען געווען ליעב און אנגענעהם.— „מחלון וכליון שנכלו ונמחו מהעולם“, פון דיא העברעאישע צייט ווערטער — פעלים — „חלה און כלה“ דאס ציינט אויף זייער שרעקליכער ענדע. זיי זיינען פערניכטעט געווארען יונגערהייט פון זייער לעבען*)

* * *

דאָרט אין אונזער לאנד אין דער קליינער שטאָדט בית־לחם שטעהן דיא צוויי אונגליקליכע אלמנות, דיא

*) ווען מיר זאלען זיך ערלויבען בעטראכטען דיא איבע־ריגע נעמען פון דיעזער מגלה, אויף רבי מאיר'ס גאנג קענען מיר אויסגעפינען זייערע כאראקטערע און האנדלונגען אין זייערע נעמען. ערפּה, פון דעם שם „עורף“, ווייל זיא האָט זיך אומגעקעהרט מיט איהר אקען צו נעמי'ן, ווען נעמי האָט זיך אומגעקעהרט צוריק נאָך יהודה, און האָט זיך געשיידעט מיט

שווינגער מיט דער שנור אין דעם טהויער פון דער שטאדט; און דיא אלע בירגער פון בית לחם בעדויערן זייער ארמוטה און אונגליקליכע לאגע.

דיא אמאליגע גבירה נעמי, דעם גרויסען רייכען גוטבאזיצער אלימלך'ס פרוי, — דיא מוטער פון דיא צוויי שעהנע זיהן מחלון וכליון, שטעהט יעצט פיר זיי אלס ארימע אלמנה, מיעד און הונגעריג, צוזאמען מיט איהר איז א שעהנע ארימע יונגע פרוי פון מואב, וועלכע איז געווען איהר שנור, און ביידע ליידען הונ־ גער, נויטה, און מאנגעל.

דיא יונגע געוועזענע פרינצעסין רות, וועלכע איז

איהר אויף אייביג. רות — וויא רבי יוחנן זאגט אין (ברכות ז) „מאי רות שזכתה ליצא ממנה דוד שרוה להק"ב בשירות ותשבחות". „בעז" מיינט בו—עז, אין איהם איז געווען דיא מאכט און דיא קראפט צו אויפצוהויבען דיעזע ארימע אלמנות פון זייער אונגליקליכער לאגע. „טוב" איז געווען זעהר גוט צו זיך זעלבסט. וויא א וואהרער עגאאיסט האט ער מורא געהאט צו טהאן עטוואס פיר „רות'ן, אום ער זאל זיך זעלבסט ניט שאדען, „פן אשחית את נחלתי". עובד איז דער נאמען פון דאס קינד פון וועלכען עס איז ארויס־ געקומען דער אידישער גרעסטער קעניג „דוד בן ישי". דער גרינדער פון דער הייליגער שטאדט ירושלים. דאס צייגט אז דער צוקינפטיגער אידישער גליק ליגט אויך נור אין עובד דעם ארבייטער, דעם אקערבויער, און ניט אין אלימלך'ן דעם אריס־ טאקראט. וועלכער האט אוועקגעווארפען דיא אקערבויעריי אין יהודה און איז געגאנגען זוכען גליק אין ארץ מואב.

נאָך פול מיט לעבען קעמפפט פאר איהר ראזיין און נעהט אוועק קלייבען לקט אין דיא פעלדער.

בועז, דער רייכער גוטסבעזיצער און דער אידי־שער ריכטער, אלס א גוטער פסיכאָלאָג ערקענט פון איהר האנדלונג און איהר בעשיידענהייט, אז זיא איז ניט א געוועהנליכע לקט קלייבערין; ער פרעגט זיך נאָך אויף איהר, און ווען ער האָט דערהערט איהר ביאגראפיע, האָט ער איהר אָנגעזאגט: „אל תלכי ללקוט בשדי אחר“, געה ניט מיין טאָכטער קלייבען לקט אין א פרעמדען פעלד. און אלע זיינע ארביי־טער האָט ער שטריינג אָנגעזאגט, זיי זאָלען האָבען דעם גרעסטען רעספעקט פאר איהר.

רות ברייננט דעם לקט צו נעמי'ן איהר שוויגער און ערצעהלט איהר פון בועז'ס געשפרעך מיט איהר; דיא קלוגע נעמי פערשטעהט דעם אינהאלט פון דעם געשפרעך און טיעפער ערנסטער און האָט איהר גע־ראטהען זיא זאָל אפען שפרעכען מיט בועז וועגען איהר צוקונפט. רות פאָלגט דיא עצה און דעם נעקס־טען פריה מאָרגען נעהט בועז צו אלימלך'ס קרוב, מיט דעם נאָמען „טוב“. ער לייגט איהם פאר דעם פלאן, ער זאָל נעהמען רות'ן, אָבער „טוב“ דער עגאָיסט ענטזאגט זיך מיט דעם אויסרייד פון „לא אוכל לגאול פן ישחית את נחלתי“, דאס הייסט דארפען דארף

איך דאָס טהאָן, נאָר איך האָב מורא איך זאָל זיך זעלבסט קיין שאָדען טהאָן.

בועז הייראטהעט מיט רות׳ן, וועלכע האָט איהם געבוירען א קינד, און אלע האָבען איהם אַ נאָמען געגעבען „עובד“ ; נעמי האָט ערצויגען דאס קינד ; זיא האָט געפיהלט אז פון דיעזעם קינד וועט עטוואס גרויסעס ארויסקומען און דיעזער עובד איז געווארען דער פאטער פון ישי בית הלחמי און דער גראס־פאָטער פון דוד מלך ישראל.

דיא זעלבע אידיליא וועלכע איז דערצעהלט געווארען צו דיא אידישע אקערבויער אמאָל ווען זיי האָבען זייערע בכורים געבראכט, קענען מיר הייטע דערציילען צו אונזערע נייע אקערבויער אין אונזער אלט־ניילאנד. אלימלך — ישראל איז ארויס פון זיין לאנד, זיינע זיהן, טויזענדע מחלון׳ס און כליון׳ס, זיינען אין דיא פרעמדע פערשיעדענע גלות לענדער פערניכטעט געווארען „מחלון וכליון שנכלו ושנמחו מן העולם“. נעמי — דיא כנסת ישראל אין גלות— איז געבליעבען א וויסטע אלמנה אָהן דעם שטאָלץ פון א מאן און אָהן טרייהייט פון קינדער און אָט אזוי האָט זיא זיך געלעבט אָרים, עלענד, פערשטויסען, אונטערדריקט און פערפאלגט ביז דעם לעצטען דור, ווען איהרע ליידען און פיין האָבען דערגרייכט דער

העכסטער שטופע, דאן האבען זיך איהרע פערפרעמטע קינדער אומגעקעהרט צוריק צו איהר, און נאך דיא פאגראמען אין דיא נײנציגטע יאהרען פון דעם 19טען יאהר הונדערט האבען זיך אויפגעקליעבען אידיש-רוסישע סטודענטען, וועלכע זײנען שוין אבסאלוט געווען פרעמד פון איהר, און זיי האבען ארומגענומען מיט הייסע ליעבע דער אלטער אומגליקליכער נעמי — כנסת ישראל. זיי האבען אנגעטהאן רינגען אויף זייערע הענד מיט דעם אויפשריפט פון „ביל"ו" (בית יעקב לכו ונלכה) און האבען אנגעפאנגען אומצוקעה-רען זיך נאך ארץ יהודה.

ווען נעמי — כנסת ישראל האט פאר זיי גע-האלטען א טרויעריגען מאנאלאג: „קעהרט זיך אום קינדער איך בין דאך שוין זעהר אלט, מיר איז ביטער, איך האב שוין קיין האפנונג צום ווידער אויפלעבען" דאן האט זיך דיא יוגענד צוטהיילט, איין טהייל האט געטהאן וויא „ערפה". זיי האבען זיך אומגעקעהרט מיט'ן אקען — עורף צו דער מוטער. די האבען זיך א נאמען געגעבען „עם עולם" און זיי-נען נאך אמעריקא אבגערייזט. ניט אלע אבער האבען געטהאן דיא צווייטע טהייל זיי האבען אויסגעשריען וויא „רות" האט געזאגט צו נעמי'ן: „אל תפגעי בי לעזבך לשוב מאחריך כי אל אשר תלכי אלך

ובאשר תליני אלין עמך עמי ואלהיך אלהי, באשר תמותי אמות ושם אקבר כה יעשה ד' לי וכה יוסיף כי המות יפריד ביני ובינך" „מוטער, בעט מיך ניט איך זאָל דיך פערלאָזען, וואו דוא ווערסט געהן, וועל איך געהן ; וואו דו וועסט נעכ־טיגען, וועל איך נעכטיגען, דיין פאלק איז מיין פאלק ; דיין גאָט איז מיין, דאָרט וואו דו וועסט שטארבען, וועל איך שטארבען און דארט וועל איך בעגראבען ווערען, זאָ העלף מיר גאָט, אז נאָר דער טויט קען אונז פענאנדער שיידען".

מיט דעם הייליגען פייער פון ליעבע צו זייער אלטע נאציאָן זיינען דיא יונגע אידיש־רוסישע סטו־דענטען פון פעטערבורגער, מאָסקווער, כארקאָווער אוניווערזיטעטען אוועק נאָך ארץ ישראל און זיי האָ־בען זיך ערנעהרט פון „לקט" קלייבען, ביי דעם מאָ־דערנעם „בועז" דעם באראָן אדמונד ראָטהשילד אין זיינע קאָלאָניעס.

בועז—ראָטשילד—האָט דאמאָלס אפּעלירט צו דיא אידישע „טובים" דיא מיליאָנערען, זיי זאָלען אויך עטוואס טהאָן פיר נעמי מיט רות'ן, אָבער זיי האָבען געגעבען דעם זעלבען אנטוואָרט, וויא יענער טוב : „עס פּאסט ניט פאר אונז צו בעשעפטיגען זיך מיט ציוניזמוס, דיא גוים וועלען זאגען אז מיר

זיינען ניט קיין גוטע בירגער אין דיא לענדער וואו מיר וואהנען" „לא אוכל לגאול פן אשחית את נחלתי".

בועז האט גענומען רות'ן און פון זיי איז ארויס־געקומען דער ניי־געבארענער קינד מיט דעם נאמען „עובד" ארבייטער, אקערבויער. נעמי ערציהט עובד'ן מיט דעם גאנצען פייער פון מוטער ליעבע ; דיא ציוניסטישע בעוועגונג שטארקט זיך פון טאג צו טאג; נעמי — כנסת ישראל — פיהלט, אז אזוי וויא פון יענעם עובד'ן איז ארויסגעקומען דוד בן ישי, אזוי וועט פון היינטיגען עובד'ן, ארויסקומען דער „בן־דוד", אויף וועלכען די אונגליקליכע נעמי האט שוין געווארט ביינאהע צוויי טויזענד יאהר.



# נשא

## אן איבערבליק איבער אידישע צדקות; עס פעהלט דער ריכטיגער סדר אין ארגאניזאציאן; א משכן, א מרכז וואס זאל צוזאמענעהמען אלע גייסטיגע קרעפטן אינאיינעם.

„ויהי ביום כלות משה להקים את המשכן: אמר רבי יודן ברבי סימן: יום שהוקם המשכן נכנס משה והיה שומע קול הדר, קול נאה ומשובח, אמר משה: „אשמעה מה ידבר האל ד׳?“ אמר לו הקב״ה למשה שלום אני מדבר, שאין בלבי על בני כלום שנאמר: „כי ידבר שלום אל עמו ואל חסידיו ואל ישובו לכסלה“. — רבי יוחנן אמר ביום שכלתה איבה מן העולם שער שלא הוקם המשכן, היתה איבה וקנאה ותחרות ומצות ומחלקת בעולם; אבל משהוקם המשכן נתנה אהבה וחבה וריעות וצדק ושלום בעולם“.
(רבה נשא).

קיין בית המקדש, קיין משכן פון גאלד, זילבער קופער און טענענהאלץ האבען מיר ניט שוין באלד צוויי טויזענד יאהר אבער א גייסטיגען „משכן“, וועלכער וואנדערט מיט אונז צוזאמען דורך אלע גלות לענדער האבען מיר נאך עד היום; דיעזער גייסטיגער טעמפעל בעשטעהט פון גייסטיגע מאטריאלען וועלכע מיר בעזיצען זעהר פיעל, נעמליך: „חסד“; „צדקה“; „רחמנות“, „גנאדע“, „גערעכטיגקייט“

און „ערבארימקייט“ ; וויא אן „עמוד האש“ געהט דיעזער הייליגער גייסטיגער משכן בעפאר אונז און בעלייכטעט אונז דעם וועג אין דער גרויסער פינסטער־נים פון גלות ; אין אלע לענדער און אין אלע צייטען צייגען מיר פיר דער גאנצער וועלט אונזער מיט־לייד מיט אונזערע ארימע און נויטהבאדירפטיגע.

ווען מיר בעטראכטען דאס לעבען פון אונזערע עלטערן אין דיא יאהרען פון דעם מיטעל־אלטער, איז אונמעגליך צו פערשטעהען וויא זיי האבען געקענט זיין גייסטרייך און בארמהערציג, זיצענדיג פערשפארט אין דער ענגער שמוציגער גהעטא אהן לופט און אהן ליכט, און דאך איז צו זייער וואהלטהאט אין פער־שיעדענע צדקות קיין שיעור ניט געווען. מיט'ן פולען האנד האבען זיי אויסגעהאלטען זייערע אלמנות מיט יתומים, זייערע אורחים און אביונים, זייערע קראנקע און נויטבעדירפטיגע, זייערע שוהלען און בתי מדרש, זייערע גרויסע ישיבות און תלמוד תורות, זייערע בתי חולים (הקדשים) און בתי הקברות ; אויסער דיא עקסטרא צדקות וואס זיי האבען געגעבען וויא „מלביש ערומים“ „לחם לאביונים“ „הכנסות כלה“ „הלוית המת“ „מעות חטים“ „פדיון שבוים“. און ערהאבענער פון דיעזע אלע אינסטוציא־נען איז געווען דער „מתן בסתר“, זיי האבען אימער

און אימער נעגעבען זייערע ארימע ברידער שטילער־הייט, קיינער זאָל ניט וויסען, אום ניט מבייש צו זיין דעם „נעפּאלענעם״ ; היינט ווער רעדט פון „גמילות־חסדים״, וואס איז פשוט געווארען א נויטהווענדיג־קייט אין לעבען ניט נור פיר ארימע לייט, זאָנדערן פיר דיא סוחרים און האנדעלס־לייט וועלכע האבען אייגענעם קאפּיטאל ניט געהאט און פלעגען זיך מוזען בענוצען מיט „גמילות חסדים״, לייהען ביי איינעם און אפּגעבען דעם צווייטען ; און מיט אזעלכע מיטלען האבען זיי געמאכט א בכבוד׳ן לעבען. עס איז געווען א פפליכט אויף יעדען אידען וואס האָט געהאט א קליינעם קאפּיטאל צו געבען זיינע שכנים, פערוואנ־דעטע, בעקאנטע, א גמילות־חסד און דאס איז אריינ־נעגאנגען אין דיא סארט טובות פון „זה נהנה וזה לא חסר״, דער בענוצט זיך מיט דעם און דער צוויי־טער ליידעט פון דעם גאָר ניט״. דער איד וועלכער האָט זיך ענטזאגט צו געבען א גמילות־חסד האָט זיך גע־רעכענט פיר אן אכזר, א צר־עין א פערדארבענער מענש, וואס האָט קיין ווערטה ניט געהאט ביי קיינעם.

דיא טערמינאלאגיע פון די פערשיעדענע אידישע וואהלטהעטיגע אנשטאלטען האָט גאָר קיין ענדע, אין קיין אומה ולשון פארמעגט זיי ניט.

דאס איז דער אלגעמיינער ארדנונג פון אידישע

צדקות ומעשים טובים. אין יעדער לאנד און אין יעדער שטאָדט וואו אידען האָבען צופעליגערווייזע געפונען א שטיקעל מקום מנוחה נאָך זייערע גרושים, ודיפות און פערפאלגונגען האָבען זיי גלייך אויסגע־בילדעט זייערע אינסטוטציאנען און פערפלאנצט דיעזע גייסטיגע הימלישע בלומען אין זייערע ארימע, פינסטערע וואָהנונגען אין דער ענגער אומגליקליכער גהעטא. אָבער אויסער דעם האָט זיך אין יעדער שטאָדט אויסגעבילדעט גרויסע מענשען, וויא הייליגע מלאכים מושיעים וועלכע האָבען געווידמעט זייער גאנצעם לעבען נור פיר צדקה און מעשים טובים; דיעזע גרויסע ליכט האָבען ווירקליך פארטריעבען דיא פינסטערנים פון דעם אידישען לאגער, און יעדער פון זיי האָט מקדש שם ישראל ברבים געווען.

אויסרעכענען דיא אלע איז אונמעגליך, ווייל זיי האָבען אימער אין אלע דורות געשיינט וויא ליכטיגע שטערן אין דעם אידישען פערוואָלקענטען יהימעל, און מען קען די אלע שטערן ניט איבערצעהלען. נור איך וועל דאָ בלויז עראינערן אייניגע פון דעם לעצטען יאָהר הונדערט אין אונזער ארימען „תחום המגבל“, דיא ארימע ליטא אין רוסלאנד, וואו אידען מעגען וואָהנען און פלאגען זיך; בלויז אייניגע וועלכע מאנכע פון דיא לעזער געדיינקען נאָך וועל איך דערמאָנען.

דער בעוואוסטער רבי שמעון קאפטאן דער ווילנער, איז געווען ווירקליך א „איש הפלאות", א וואונדערבארע פערזאן וועלכע קיין נאציאן האט ניט פראדוצירט. זיין גאנצעס לעבען איז געווען א קייט פון צדקה און מעשים טובים; ער זעלבסט האט זיך ערנעהרט פון מאכען שמעק־טאבאק ביי נאכט און ביי טאג איז ער אומגעגאנגען איבער ווילנער גאסען מיט האט ער אויסגעשריען: „געדריינקט מענשען, אז א גרויסע בלעכענע פושקע אין מיט אן אומטיגען טאן איהר זייט שטערבליכע און ערבארמט זיך אויף דיא אלמנות מיט דיא יתומים". און אלע פערבייגעהענדע אידען, זאגאר קריסטען, פלעגען ארייננווארפען א מטבע אין זיין גרויסע פושקע. ווען דיא פושקע איז געווארען פול, איז ער באלד אוועק צו זיין בעקער און גענומען פיר דיא געלד גאנצע זעקלאך מיט לעבלאך ברויט, און אבענד צייט האט ער עס אוועקגעטראגען צו ארימע פאמיליעס און אין דיא ישיבות פיר דיא ארימע ישיבה בחורים; זיין גאנצער פערגעניגען איז געווען עסען צוזאמען מיט דיא ישיבה לייט און נחת קלייבען וויא דיא הונגעריגע עסען.

איין מאל האט ער זיך דערוואוסט אז אן ארימער ארבייטער זיצט שבעה נאך זיין פאטער און אין שטוב איז קיין ברויט ניטא, האט ער גלייך גענומען א זאק

מיט פערשיעדענע שפייז און איז אוועקגעגאנגען מנחם אבל זיין דעם ארימאן; ער האט זיך געמאכט פער־געסענדיג דעם זאק מיט דיא שפייז אום ער זאל דעם ארימאן ניט פארשעהמען און איז אוועקגעגאנגען. אזעלכע ארבייט האט ער געהאט יעדען טאג און אזוי האט ער אפגעארבייט צעהנדליגע יאהרען אהן אויפהער.

דעם נאמען „קאפטאן" האט מען איהם געגעבן ווייל זיין גאנצען לעבען איז ער געגאנגען געקליידעט אין א לייוועגדענעם קאפטאן; ווען ער איז אלט גע־ווארען האבען דיא ווילנער אדעלע קריסטען איהם פאטאגראפירט און האבען אויסגעגאסען פון זיין בילד א בראנזענע סטאטוע וועלכע האלט אין איין האנד א לאבען ברויט און אין דער צווייטער א בלעכענע פושקע. נאך זיין טויט האט איהם בעזונגען דער פוילישער דיכטער קאראטינסקי און האט פערעוויגט זיין נאמען אין איינעם פון דיא גרעסטע פוילישע זשורנאלען. זיין לייוועגדענעם קאפטאן האט מען צושניטען אין שטיק־לאך און רייכע לייטע האבען דאס געקויפט צום אנ־דיינקונג. זיין סטאטוע שטעהט נאך היינט אין ווילנער מוזעאום.

רבי נחום שמש דער הוראדנער האט זיך גע־מאכט אונשטערבליך מיט זיינע מעשים טובים וואס ער

האט געטהאן זיין גאנצען לעבען. טראטץ זיין גרויס־קייט אין תורה איז ער געווען א גרויסער ענו און פלעגט בעזוכען ארימע פאמיליעס אין זייערע הייזער אהן אונטערשיעד פון אידען ביז קריסטען, און דיא גאנצע שטאדט האט אויף איהם געקוקט אזוי וויא אויף א מלאך האלהים.

גראדנער אידען און קריסטען דערצעהלען וואונ־דער בארע געשיכטען וועגען איהם. זיין שטייגער איז געווען צו בעזוכען אין דיא ווינטער אבענדע דיא האָ־טעלען, און ווען ער האט געפונען אורחים וועלכע האָ־בען געשפיעלט אין קארטען, פלעגט ער צונעהמען די געלד פון דעם קאן וואס ער האט געטראפען אויף דעם טיש. און די אלע וואס האבען געשפיעלט האבען שוין געוואוסט אז דאס געהערט צו רבי נחום׳ען. איין מאל איז רבי נחום אריין אין א ווינטער אבענד אין איינעם פון דיא גרויסע האטעלען און האט געטראפען רייכע געסט שפיעלענדיג אין קארטען, דער קאן איז געווען זעהר אן אינטערעסאנטער און אייניגע צעהנדליג רובל איז געלעגען אויף דעם קארטען טיש ; רבי נחום האט זיך געטהאן וויא זיין שטייגער איז, און האט צוגע־נומען דיא געלט ; איינער פון דיא געסט וועלכער האט ניט געקענט רבי נחום׳ען פערזענליך איז ארויס פון געדולד און האט דערלאנגט רבי נחום׳ען א פאטש.

די אלע געסט האבען זיך שטארק ערשראָקען און ווען דער יונגער מאן האט זיך דערוואוסט אז דאס איז רבי נחום האט ער אנגעפאנגען מיט טרעהרען אין דיא אויגען צו בעטען רבי נחום׳ען מחילה. רבי נחום האט גאנץ קאלט געענטפערט : „יא יונגער מאן דער פאטש איז פיר מיר, אבער וואס איז פיר דיא אלמנות און יתומים ?" דער גאסט האט גלייך גע־געבען זעהר א גרויסע נדבה רבי נחום׳ען און רבי נחום איז רוהיג ארויסגעגאנגען פון האטעל.

איין מאל האבען גראדנער בעלי בתים געזעהען רבי נחום׳ען 3 אוהר ביי נאכט טראגענדיג א קליינעם הינטעלע ; זיי זיינען ערשטוינט געווארען וויא קומט רבי נחום טראגט א הונט ? נאכהער האבען זיי אויס־געפונען אז א קריסטליכע געווינערין, א שכנה נים ווייט פון רבי נחום׳ס הויז, האט זעהר פיעל שמער־צען געליטען פון דעם איבערפלוס פון איהרע מילך, און מען האט געברויכט א הינטעלע צום אפזויגען, און רבי נחום איז גלייך געגאנגען און האט בעקומען א הינטעלע.

נאך זיין לויה זיינען נאכגעגאנגען דיא גאנצע שטאדט אידען וויא קריסטען און הונדערטער אלמנות מיט יתומים האבען פארגאסען טייכען טרעהרען נאך זייער מלאך מושיע.

אין א קלענערען פארמאט האט יעדע אידישע שטאדט איהר רבי שמעון אדער רבי נחום. סלוצק — א רבי מענדעלע; בריסק — א רבי שלום מנשה; שאוועל א רבי מאטעל וויינשיינקער א. ז. וו. א. ז. וו.

אויך היער אין דער נייער וועלט האט דער אלטער ישראל זיין גייסט פון צדקה ניט פערלארען און עס גיעבט קיין צאהל צו זיינע אנשטאלטען: תלמוד־תורות, האספיטאלס; מושב־זקנים'ס, שוהלען, בתי־היתומים, גמילות חסדים, גמ"ח של אמת, משכיל אל דל, ישיבות און פערשיעדענע חברות, נור איין זאך פעהלט דער בריח התיכון המבריח את כל הקרשים מן הקצה אל הקצה", דעם צענטרום וואס זאל ארומנעהמען אלע אנשטאלטען אין איינעם; דאס הייסט, מאטריאל צו דעם „משכן" איז דא גענוג נור זיי זיינען צו־ווארפען, צו־שפרייט און איינער ווייס ניט פון צווייטען.

מיר דארפען שטרעבען צו דעם „יום כלות משה את המשכן", ער זאל ווערען פאלקאמען, און דאן וועט זיך הערען גאט'ס שטימע: „שלום אני מדבר שאין בלבי על בני כלום" דאס הייסט: „איך פערלאנג נור פריעדען, איינשטימונג צענטראליזאציאן; אזוי האב איך צו מיינע קינדער גאר ניט, מאטעריאל האבען זיי גענוג נור א משכן, אן אויפגעשלאסענעם משכן

מיט א בריח התיכון פעלט זיי, און רבי יוחנן האָט גוט ערקלעהרט : „ביום שהוקם המשכן נתנה אהבה, חבה ריעות צדק ושלום בעולם“, אין דעם טאָג וואס וועט ווערען א פאָלקאָמענע ארגאניזאציאן ביי אונז, דאן וועלען מיר בעקומען, ליעבע, פריינדשאפט גערעכטיגקייט און פריעדען מיט גליק.



# בהעלותך

## א פאראלעל צווישען די אויפלעבונג פון די אידען ארויסגעהענדיג פון בבל און די ציוניסטישע בעוועגונג אין אונזער דור; די היסטאָריע ווידערהאָלט זיך.

„ויראני את יהושע הכהן הגדול עומד לפני מלאך ד׳ והשטן עומד על ימינו לשטנו ; ויאמר ד׳ אל השטן : יגער ד׳ בך השטן ויגער ד׳ בך הבוחר בירושלים הלא זה אוד מצל מאש ; ויהושע היה לבוש בגדים צואים ועומד לפני המלאך ; ויען ויאמר אל העומדים לפניו לאמר : הסירו הבגדים הצואים מעליו. ויאמר אליו : ראה, העברתי מעליך עונך והלבש אותך מחלצות ; ויאמר : ישימו צניף טהור על ראשו, וישימו הצניף הטהור על ראשו וילבישוהו בגדים ומלאך ד׳ עומד“. (זכריה ג. א. ז.)

דער נביא זכריה האָט געלעבט אין דער צייט פון דער אויפלעבונג פון דער אידישער נאציאָן, ווען דאס

פאָלק האָט ערוואַכט פון דעם גלות שלאָף אין בבל און אנגעפאנגען אומצוקעהרען זיך, אין ארץ ישראל אונ־טער דיא פיהרונג פון יהושע הכהן הגדול און זרבבל דער אידישער פירשט; מיר קענען זיך לייכט פאָרשטע־לען דעם קאמפף וועלכען דיא פיהרער און דיא פאָר־שטעהער פון דעם ערוואַכטען פאָלק האָבען דורכגע־מאכט אין יענע היסטאָרישע צייט; ניט אזוי לייכט האָט דאָס פאָלק דיא אידעע פארשטאנען; א גרויסער טהייל, און פיל ייכט דער גרעסטער, האָט געוואַרט אויף נסים ונפלאות פון הימעל און בשום אופן האָבען זיי זיך ניט געוואָלט רעכטמאכען, אז מיט דעם קליי־נעם „טשארטער“, וועלכען כרש מלך פרס האָט ארויס־געגעבען דיא אידען זאָלען זיי מעגען געהן צוריק נאָך יהודה, אז דיזע עטליכע ווערטער זאָלען האָבען דיא קראפט אויפצולעבען דיא אידישע נאַציאָן אויף'ן אייגענעם לאנד; און זיי זיינען געבליבען זיצען אין בבל ווארטענדיג אויף עקסטרא נסים; דער צווייטער טהייל ווידער האָבען זיך שוין גאָר אין גאנצען מיאש געווען פון א אידישע אויפלעבונג און זיי האָבען זיך אויסגעארבייט אן אסימילאַטארישען פּראגראם : „היה נהיה ככל הגוים“ דאָס הייסט מיר וועלען זיין וויא דיא בבלים, כשדים אָדער פּרסים, און מיר ברויכען ניט קיין לאנד, און קיין נאציאָנאלען פּאָליטישען לע־בען, ווייל יבשו עצמותינו אבדה תקותנו נגזרנו

לנו אונזערעביינער זיינען אויסגעטריקענט אונזער האָפנונג איז פארלאָרען, מיר זיינען שוין פון פּאָליטי־שען לעבען אָפּגעשניטען. נור בלויז א קליינער טהייל פון פאָלק, דיא וואהרע איבערצייגטע נאציאָ־נאליסטען, דיא איבערגעבענע געטרייע „אבלי ציון“, וויא זיי האָבען זיך דאמאָלס גערופען, צוויי און פער־ציג טויזענד דריי הונדערט מיט זעכציג פערזאָן, וועל־כע האָבען זיך ווירקליך געאָפּפערט פיר זייער אידעע, האָבען פערלאָזען בבל מיט איהר נידריגע און שמוציגע קולטור און האָבען זיך אומגעקעהרט צו זייער הייליגע און געליעבטע לאנד; עס איז ווירקליך געוועזען אונ־גלויבליך, אז אזא הייפעלע איבערגעבענע פּאטריאָטען זאָלען קענען איבער־א־נייעם אויפלעבען דיא לאנד, גרינדען א אידישע רעגירונג און עקזיסטירען הונדער־טע יאהרען מיט א פּאָליטישען צענטער.

דער נביא, זכריה אין היינטיגע הפטרה, האָט דאָס פאָרגעשטעלט אין א שטארקע און שעהנע בילד; ער פערזאָניפיצירט דיא גאנצע נאציאָן אין זיין גייסט־ליכען פאָרשטעהער יהושע בן יהוצדק הכהן הגדול, וויא ער שטעהט פאר גאָט׳ס מלאך — דער „מלאך ד׳“, מיינט דער גייסט פון פּאָליטישען לעבען — און וויל אויפלעבען ווידער אלס א לעבעדיגע נאציאָן אויף זיין לאנד; אָבער דער שטן — דער בייזער גייסט פון צור־

שטערונג, פערניכטונג — שטעהט ביי זיין רעכטען האנד מיט זיינע אסימילאטאָרישע טענות און אינטער־נאציאָנאלע אָרגומענטען. ער וויל צערשטערען און פערניכטען דיא נאציאָנאלע געפיהלען מיט דעם אויס־רייד דער אלטער ישראל האָט שוין זיין לעבענס אויפ־גאבע געענדיגט. ער האָט שוין ניט מעהר קיין קרעפ־טען צו לעבען אין זיין אייגענעם לאנד, ווייל ער האָט זיך שוין איינגעלעבט אין דער בבל׳שער קולטור און שפראך און אין פערשיעדענע געוואָהנהייטען אין לע־בען. דער נביא צייכענט אויף דיא אלע ארגומענטען מיט איין שטריך אין דיא ווערטער: „ויהושע היה לבוש בגדים צואים ועומד לפני המלאך“. דאס מיינט אז דיא גאנצע אידישע נאציאָן איז שוין פער־שמוצט געוואָרען מיט דער נידריגער ליידענשאפטלי־כער בבל־קולטור, אָבער אין דער וואהרהייט איז יהושע נאָך דער זעלבער; ער האָט נאָך אין זיך זיין פולען נאציאָנאלען אידישען גייסט, בלויז נור דיא קליידער, דיא אויסערשטע פאָרמען, זיינען פערדאָר־בען געוואָרען.

דאן זאָגט גאָט צו דעם שטן: „זאָל גאָט זעלבסט אויף דיר, שטן, אָנשרייען, זאָל אָנ־שרייען אויף דיר דער יעניגער, וועלכער וויל איבער־א נייעם ירושלים אויפלעבען, פארגעם ניט דו טייפעל,

אז ער, ישראל איז איין ברענענדע שטיק האָלץ, וועל־
כער איז נור וואָס פון פייער גערעטעט געוואָרען, אוד
מוצל מאש. ער איז געווים פערדרוקערט, צוגעברענט,
פערשוואַרצט אָבער אלס נור פון אויבען, אויסערליך.
ער אליין איז געבליבען דער זעלבער, און גלייך האָט
גאָט געזאָגט צו דיא וועלכע שטעהן ארום איהם נעהמט
ארונטער פון איהם דיא שמוציגע קליידער — „הסירו
הבגדים הצואים מעליו", — דאָס הייסט נעהמט
איהם נור ארויס פון גלות, נעהמט אראָפּ פון איהם
דעם שקלאַפּישען שימעל, דעם גלות־שטויב, מען האָט
אזוי געטהאָן און דער הערר גאָט זאָגט : ראה,
העברתי מעליך עונך והלבש אותך מחלצות!"
זעה, איך האָב ארונטערגענומען פון דיר אלע דיינע
פערברעכען, דיינע שמוציגע גלות־קליידער, דיינע
שקלאַפּישע נייגונגען און איך האָב דיך בעקליידעט מיט
פּראַכטפאָלע ריינע נאַציאָנאַלע קליידער, דאס מיינט
מיט זעלבסט בעוואוסטזיין, מיט נאַציאָנאַלען שטאָלץ,
מיט ליעבע צו דיין שפּראך; מיט אכטונג צו דיינע
גרויסע מענשען; מיט אויפאָפּפערונג פיר דיין לאנד;
און גלייך האָב איך געזאָגט מען זאָל דעם ריינעם מיטץ
אָנטהאָן אויף זיין קאָפּ; מען האָט דעם מיטץ איהם
אָנגעטהאָן, מען האָט איהם מיט זיינע קליידער בע־
קליידעט און גאָט׳ס מלאך שטעהט פיר איהם —
„ואמר ישימו צניף טהור על ראשו, וישימו הצניף

הטהור על ראשו וילבישוהו בגדים ומלאך ד׳ עומד״. *)

דיא געשיכטע ווידערהאָלט זיך. און היינט אין אונזער דור, זעהן מיר מיט אונזערע אויגען דעם זעלבען בילד, וועלכען אונזער פראָפעט האָט געזעהן מיט פינף און צוואנציג הונדערט יאָהר בעפאָר. —

אויך היינט שטעהט דער אלטער וועלט־פריסט, ישראל סבא, פיר דעם מלאך — דער גייסט פון פאָלי־טישען לעבען — און שטרעבט צו אויפלעבונג, צו זיין לאנד, צו זיין שפראך, צו זיין קולטור, זאָ וויא אמאָל, ווען ער איז פון בבל ארויסגעגאנגען, און אויך היינט שטעהט דער שטן, דער בייזער גייסט פון אסימילאציאָן און טאדעלט איהם און ארבייט מיט אלע טייפעלשע ארגומענטען צו איבערצייגען איהם, אז ער איז שוין

*) עס איז ווערטה צו בעמערקען, אז אין אנפאנג פון דיעזעם בילד לעזען מיר : יהושע הכהן הגדול עומד לפני המלאך, ווען יהושע איז נאך נעגאנגען אין זיינע בגדים צואים איז ער געשטאנען פיר דעם מלאך; נאכהער אז מען האָט פון איהם אין גאנצען דיא גלות קליידער ארונטער גענו־מען און מען האָט איהם אין נאציאנאלע „מחלצות״ אנגע־קליידעט, דאן קומט זיין שטאָלץ צו איהם און מלאך ד׳ עומד דער מלאך שטעהט שוין בעפאָר איהם.

דאס צייגט : אסימילאטארישע „מה יפית״ און נאציא־נאלען שטאָלץ.

טויט, און האָט שוין קיין האָפנונג צו נאַציאָנאַלען לע־
בען, ער גיט איהם זיין קאָסמאָפּאָליטישען ראטה, ער
זאָל זיך אין גאנצען אויפלעזען און אויסמישען זיך
מיט אלע יונגע לעבעדיגע נאַציאָנען, און שטארבען
מיט דער „מיתת נשיקה" פון אסימילאציאָן, אָבער
דער שומר ישראל, מיט זיין מלאך, דער נאַציאָנאַלער
גייסט קעמפּפט פיר איהם און שרייט אויף דעם שטן
און זאָגט צו איהם: „ווייסטו דען ניט, אז ער איז אן
אוד מוצל מאש?", אז ער האָט געהאט אין זיך
דיא לעבענס קראפט ארויסצוגעהן א לעבעדיגער פון
דעם פייער פון אינקוויזיציאָן, גרושים, רדיפות אונ־
טערדריקונג, בלבולים און פּאָגראָמען; געוועהנליך איז
ער פון אויבען אָבער נור אויסערליך, צוגעברענט גע־
וואָרען און בעקומען בגדים צואים, שוואכע נערווען,
קראנקע מוסקעלען שקלאפּישע מאניערען און דעם
„מה יפית" גייסט צו קושען דיא ריטער, וועלכע האָ־
בען איהם געשמיסען שוין בענאהע צוויי טויזענד
יאהר, דאָך איז זיין נשמה גאנץ געבליבען; זיינע גוטע
מדות פון בישנות, רחמנות און גמילות חסדים זיי־
נען פון איהם ניט אָפּגעטראָטען; עס פעהלט איהם
מעהר ניט אביסעל מוטה און ענעגיע אראָפּצו־וואַרפען
פון זיך דיא בגדים צואים דיא גלות קליידער, און
אָנצוציהען זיינע נאַציאָנלע „מחלצות", פּראכט קליי־
דער, זאָ וויא ער האָט געטהאָן ארויסגעהענדיג פון

גלות בבל, דאן „ונתתי לך מהלכים בין העומדים
האלה", וועסטו ווערען א מעמבער פון דיא אלע לע־
בעדיגע און נארמאלע פעלקער; דוא וועסט בענייען
דיין יונגע קראפט אין דיין אלט־ניילאנד און דוא
וועסט ווידער שיינען מיט פראכט און גלאנץ וויא
אמאל, און דעם פראפעטס ווערטער וועלען מקוים ווע־
רען: ביום ההוא נאם ד' צבאות תקראו איש
לרעהו אל תחת גפן ואל תחת תאנה".



# שלח

## דער עגל און ד׳ מרגלים; וואָרט און טהאָט; דער אונטערשיעד פון די צוויי פארברעכען: דער ערשטער נעגען גאָט, און דער צווייטער נעגען פאָלק.

---

„כשחטאו ישראל במדבר (בעגל) לא עליהם היה גזר דין עד שחטאו בפיהם (המרגלים) וכן הוא אומר: „וישמע ד׳ את קול דבריכם" (דברים א.) „הונעתם ד׳ בדבריכם" (מלאכים ב.) במעשיכם לא נאמר אלא בדבריכם וכן הוא אומר „נתנה עלי בקולה על כן שנאתיה (ירמיה י"ב) וכי בקולה שנאה, והלא „בקולת אהבה שנאמר: „השמיעיני את קולך" אלא בקולה אהובה ובקולה שנואה שנאמר „מות וחיים ביד לשון" (משלי). (מדרש תהלים).

צוויי גרויסע זינד האָבען אידען געטהאָן אין דער מדבר; דער ערשטער פערברעכען איז, וואס זיי האָבען דעם עגל געמאכט, און דער צווייטער איז דיא מרגלים. אָבערפלעכליך קומט אויס אז דער ערשטער איז פיעל ערגער פון דעם צווייטען, ווייל דער עגל איז דאך איינפאך עבודה זרה געדיענט, און דער צוויי־

טער איז בלויז מיט ווערטער, אָהן שום טהאט, געזינ־
דיגט ;דאָך איז דיא שטראָף פאר דער צווייטער זינד
פיעל א שטריינגערער געוועז, וויא פאר דעם ערשטען;
אויסער וואס זיי זעלבסט, דיא מרגלים, זיינען גע־
שטאָרבען מיט א שרעקליכען טויט, וויא דיא תורה
גיט אונז איבער, האָט נאָך דאס גאנצע פאָלק זעהר
פיעל געליטען, און צעהנדליגע יאהרען האָבען זיי זיך
אין דער ווילדערניש ארומגעשלעפּט ביז דיא גאנצע
גענעראציאָן איז אויסגעשטאָרבען. ווארום האָט זיי גע־
קומט אזא שרעקליכע שטראָף ? און אין
וואס אייגענטליך בעשטעהט זייער פערברעכען ? א
קאָמיטע פון צוועלף פירסטען זיינען אויסגעקליעבען
געווארען פון משה׳ן, מיט דער צושטימונג פון גאָט,
אז זיי זאָלען געהן אין ארץ כנען, אונטערזוכען דאס
לאנד און ברייננגען א ריכטיגען רעפּארט צום פאָלק.
דיא קאָמיטע האָט ערפיהלט איהר פפליכט, זיא איז
געגאנגען, אונטערזוכט, געקומען צוריק מיט א פולען
רעפּארט. צעהן פון זיי זיינען געוועזן מיט איין מיינונג,
אז דאס לאנד איז א גוטע, א פרוכטבארע, נור זיי קע־
נען ניט פערשטעהען וויא אזוי וועלען קענען דיא
אידען ערווערבען דאס לאנד אין דער צייט וואס
איהרע אלטע איינוואָהנער זיינען זעהר שטארקע
מענשען. געגאנטען, (ענקים) און זיי, דיא מרגלים,
האָבען אויסגעוויעזען וויא היישעריקען אנטקעגען זיי.

דאס איז געוועז דער רעפּארט פון צעהן אידישע פירסטען, דיא איבעריגע צוויי: יהושע און כלב האָבען זיי ניט וויעדערשפּראכען אין זייער מיינונג וועגען דיא שטארקייט פון דאס לאנד בעזיצער, נור זיי האָבען געטרויסט און געמוטהיגט דאס פאָלק, אז גאָטס הבטחה וועט מקוים ווערען און ער וועט זיי געוויס אויסהעלפען אין זייערע מלחמות, אָבער אין דעם עיקר רעפּארט האָבען זיי דאָך אויך מיטגעשטימט, היינט וואס איז דא געוועזען אייגענטליך דער פערברעכען אזוי גרויס? פאר וואס זיינען זיי אזוי גרויזאם בעשטראפט געווארען?

אָבער אונזערע חכמי התלמוד האָבען דאס גוט פערענטפערט — אין דער אויבערשטער מאָטאָ — אז דער פערברעכען מיט דעם מונד איז פיעל ערגער וויא מיט דיא הענד; ווייל רייד ווירקט פיעל מעהר פון טהאט; מעשים שאדען מעהר ניט וויא אין דעם ארט וואו עס איז געטהאָן געווארען און אין דער צייט ווען עס איז געטהאָן געווארען; אָבער ווייטער פון דיעזען אָרט און שפּעטער פון דער צייט ווירקט די טהאט גאָר ניט; ניט אזוי איז אָבער מיט שלעכטע רייד, זיי זיינען „למעלה מהמקום והזמן" איבער דעם ארט און צייט. זיי ברייגגען שאדען איבעראל און אימער אָהן אויפהער; דער פערברעכען פון מעשה

העגל איז אָבגעטהאָן געוואָרען אין זיין צייט און אין זיין ארט; אָבער נאכהער אז משה איז געקומען און האָט איהם פערניכטעט איז ער פארגעסען געוואָרען אזוי וויא ער איז ניעמאלס געוועזן.

ניט אזוי איז געוועזן מיט דיא רייד פון דיא מרגלים, זיי האָבען ענטמוטהיגט דאָס גאנצע פאָלק; זיי האָבען צוברָאכען דעם נאציאָנאלען שטאָלץ; זיי האָבען פערפינסטערט דעם גאנצען אידישען הימעל מיט זייערע פעסימיסטישע וואָלקענס; זיי האָבען פערניכטעט דיא האָפנונגען און שטרעבונגען זאָ ווייט, אז דאָס גאנצע פאָלק וויא איין מאן איז אויפגעברויזט געוואָרען און האָט א גאנצע נאכט געוויינט. זיי זיינען בעפאלען משה'ן מיט אהרן מיט אזעלכע שרעקליכע רייד: „הלואי וואָלטען מיר בעסער אין מצרים געשטאָרבען, אָדער היער אין דיעזען מדבר, וויא געהן צו יענער לאנד..." דאָס פאָלק איז אזוי ווילד געוואָרען פון אויפרעגונג אז זיי האָבען געוואָלט פערשטיינען משה'ן מיט אהרן מיט כלב'ן און יהושע'ן צוזאמען; נור די געטליכע קראפט האָט זיי אָפגעהאלטען; מיט איין וואָרט, דיא מרגלים מיט זייערע גיפטיגע רייד האָבען פערדאָרבען דעם גאנצען דור, און האָבען זיי אזוי ווייט אונפעהיג געמאכט צו געהן ווייטער צום קאמפף, אז זיי האָבען געמוזט אלע פערניכטעט ווערען

אין דער ווילדערניש און ערשט דער נייער דור האָט דערגרייכט דעם אידישען אידעאל, וויא משה האָט זיי געזאָגט:

„וטפכם אשר אמרתם לבז יהיה והביאתי אותם וידעו את הארץ אשר מאסתם בה. ופגריכם אתם יפלו במדבר הזה“.

דאָס הייסט: „און אייערע קינדער, וועלכע איהר האָט געזאָגט אז זיי וועלען אין פרעמדע הענד אריינפאלען, זיי, נור זיי, וועל איך אריינבריינגען אין דער לאנד, און זיי וועלען פארשטעהען דיא ווערדע פון דער לאנד וועלכע איהר האָט פערשמוצט מיט אייערע רייד, און אייערע טויטע קערפערס וועלען בלייבען אין דיעזען מדבר“.

און נאָך טיעפער איז דער אונטערשיעד פון דיא צוויי פערברעכען, דער עגל און דיא מרגלים מיט דעם, וואָס דער ערשטער איז געגען גאָט, און דער אלמעכטיגער איז אַן אל רחום וחנון, ער קען פערצייהען און האָט פערצייהעט; דער צווייטער איז געגען פאָלק און געגען דאָס לאנד, און דאָס פאָלק קען ניעמאלס פערצייהען זיינע פעררעטהער.

„ויעפילו לעלות אל ראש ההר וארון ברית ד׳ ומשה לא משו מקרב המחנה“.

דיא שרעקליכע טרויעריגע נאכט איז פאָראיבער;

דאָס פאָלק איז גאַנץ פריה אויפגעשטאַנען, זיי האָבען זיך בעריינקט, און האָבען חרטה געהאַט אויף זייער האַנדלונג געגען משה'ן, זיי האָבען זיך געמוטהיגט און מיט אַלע קרעפטען זיינען זיי אַרויפגעגאַנגען אויף דעם בארג אויף וועלכען דיא עמלקים און דיא כנענים האָבען געוואָהנט; אומזיסט האָט משה געדונערט מיט זיין שטימע: „געהט ניט צו אייערע שונאים, זיי וועלען אייך פערניכטען!" זיי האָבען ניט געפאָלגט, זיי זיינען אַרויפגעגאַנגען אויף דעם בארג, אָבער משה און דער ארון קודש האָבען זיך ניט געריהרט פון אָרט, און דיא ענדע איז געוועזן אַ שרעקליכע: דיא עמלקים און דיא כנענים זיינען וויא ווילדע חיות אָנגעפאַלען אויף זיי און זיי פערניכטעט.

ניט איין מאָל האָבען מיר דורכגעלעבט דיא שרעקליכע סצענע אין דיא פינסטערע גלות לענדער, ווען דיא „מעפילים לעלות ההרה", דיא אַסימילאַטאָרען אונזערע נעהמען זיך אָן מיט מוטה און ווילען אַרויפשטייגען אויף דעם בארג פון אַסימילאַציאָן, אום אויסצומישען זיך מיט דיא מאָדערנע עמלקים און כנענים, נור משה מיט דעם ארון הקדש, דאָס הייסט דער ריינער נאַציאָנאַליסטישער גייסט מיט דיא נאַציאָנאַליסטען ריהרען זיך ניט פון דעם אידישען לאַגער, און פראָטעסטירען געגען דיא אַסימילאַטאָרישע האַנדלונג; דיא אַסימילאַ-

טאָרען פאָלגען ניט און קריכען וואו מען דארף ניט און דער סוף איז א פינסטערער, ווייל דיא רוסען און דיא רומעניער בעהאנדלען זיי וויא דיא עמלקים און דיא כנענים פון אמאָל, מיט דעם שרעקליכען „ויכום ויכתום עד חרמה“, מיט רדיפות, גזירות און פאָגראָ־מען.

„כלב פרש מעצת המרגלים והלך ונשתטח על קברי אבות, ואמר להם: אבותי, בקשו עלי רחמים שאנצל מעצת מרגלים“. (סוטה ל"ד).

זעהר א טיעפער רעיון ליגט אין דעם תלמודישען בילד, אז כלב האָט זיך אָפּגעשיידט פון זיינע קאָלעגען, דיא מרגלים, און איז אוועקגעגאנגען אויף קבר־אבות נאָך חברון און דאָרט האָט ער זיך אָנגענומען מיט גייסט און מיט פרישען מוטה צו גלויבען אז דיא לאַנד אין וועלכע עס ליגען זיינע עלטערן וועט נאָך געהערען צו זיינע קינדער, דאָס האָט ער אונז געצייגט, אז אין אלע צייטען, ווען דיא געגענווארט אונזערע איז א טרויעריגע און מיר ווילען האָפען אויף א גוטע צוקונפט מוזען מיר זיך „משתטח זיין על קברי אבות“, דאָס מיינט מיר מוזען גוט שטודירען אונזער פערגאנגענ־הייט, דאן וועלען מיר עקזיסטירען אין דער צוקונפט.

מרגלים זיינען דאָ אין אלע דורות; פאַלקס פער־רעטהער פעהלט ניט קיינמאָל, און ווען מיר ווילען זיך

אָפּשיידען פון „עצת המרגלים“, דאן מוזען מיר טהאָן
ווי כלב בן יפונה: לערנען אונזער עבר און האָפען אויף
א גוטען עתיד, און זאָגען וויא ער האָט געזאָגט נאכהער
צו יהושע׳ן „ככחי אז כחי עתה“, דאָס הייסט מיר
זיינען נאָך ניט אלט געוואָרען, און מיר פיהלען צו ער־
ווערבען ווידער אונזער לאנד, וואו אונזערע עלטערן,
נביאים און העלדען רוהען, ועם ישראל ישוב לארץ
ישראל, אמן.



# קרח

**דער ויידע מיט זיין אייניקעל, קרח און שמואל, בן־יצהר אלס דער ערשטער אידישער אנאר־כיסט, און בן־אלקנה אלס דער ערשטער אידישער רעפובליקאנער.**

---

„ויקהל עליהם קרח את כל העדה, התחיל לומר לפניהם דברי ליצנות, אמר להם: אלמנה אחת היתה בשכנותי ועמה שתי נערות יתומות, והיה לה שדה. — באה לחרוש אמר לה משה: „לא תחרוש בשור וחמור יחדו!“ באה לזרוע, אמר לה: שדך לא תרזע כלאים“, באה לקצור אמר: „הניחי לקט, שכחה ופאה“ באה לעשות גורן אמר לה: „הרימו תרומה מעשר ראשון, מעשר שני“ הצדיקה עליה את הדין ונתנה לו — מה עשתה? עמדה ומכרה את השדה, ולקחה שתי כבשות כדי ללבוש גיזותיהן ולהנות מפירותיהן; כיון שילדו בא אהרן ואמר לה: „תני לי את הבכורות“ הצדיקה עליה את הדין ונתנה לו את הולדות; הגיע זמן גזיזה אמר לה: „תני לי ראשית הגז“. אמרה אין בי כח לעמוד באיש הזה, הריני שוחטתן ואוכלתן, כיון ששחטה אמר לה: „תני לי הזרוע, הלחיים והקיבה“ אמרה: אפילו אחר ששחטתי לא נצלתי מידו ואמרה: הרי הן עלי חרם“ אמר לה אהרן כלי שלי הוא שכן אמר

הקב"ה : „כל חרם בישראל לך יהיה !"
נטל והלך לו, והניחה בוכה היא עם שתי
בנותיה ; כדין כלהון עבדין להא ביזתא
עלובתא ותלוין בהקב"ה" (מדרש שוחר טוב).

איך גלויב אז איהר גערדיינקט נאך, מיינע ליעבע לעזער, דיא היימישע אויסגעצייכענטע שבתים וועלכע יעדער שבת האט זיך געהאט זיין חברה וואס האט איהם געפייערט מיט א בעזונדערע בעגייסטערונג און עקסטרא התלהבות. צום ביישפיעל : „שבת פרשה וירא" האט בעלאנגט צו דיא חברה „הכנסת אורחים", ווייל אין דער „פרשה וירא" ווערט דערציילט פון דעם ערשטען מכנים אורח ביי אידען, און דאס איז ניט קיין אנדערער וויא אונזער ערשטער פאטער אברהם. „שבת פרשה משפטים" האט אימער בעלאנגט צו דיא „חברה גמילות חסדים" ווייל אין דער פרשה ווערט געהאנדעלט פון געלד פערלייהען—אם כסף תלוה ; „שבת פרשה בהעלותך" האט בעלאנגט בלויז צו דיא חברה „נר תמיד". יעדער חברה אין איהר שבת פלעגט אוועקשטעלען איהר גבאי אויף דער בימה, און ער איז געוועזן דער מייסטער אויסצוטהיילען דיא עליות מיט דיא כבודים ; ער איז געוועזן פאלקאם אונאבהייננגיג פון דיא שוהל גבאים, און דיא גאנצע הכנסה פון דעם שבת האט בעלאנגט צו דיעזער חברה; א, וויא נאבעל און שעהן דער מנהג איז !

ווען אונזערע היינטיגע אונצופריעדענע ראדיקאלע ברידער וואלטען נאך געהאט אין זיך א פונק אידיש־קייט, און זיי וואלטען מיך פרעגען וועלכע סדרה פון דער תורה זאלען זיי נעהמען פיר זייערע, אז דער גאנ־צער איינקאם פון דיא אלע „שנדר" געלדען זאל גע־הערען צו זיי אויף זייער בעוועגונג, וואלט איך זיי אן עצה געגעבען, אז קיין פאסענדערע „פרשה" וויא „קרח" גיעבט ניט פאר זיי, ווייל אין דער ווירקליכ־קייט, דער ערשטער ראדיקאלער ביי אידען, דער ריכ־טיגער זעלבסטבעוואוסטער אונצופריעדענער און דער וואהרער אגיטאטאר פיר דער מאסע צו אויפקלעהרען זיי, אז עס איז ניטא, און עס דארף ניט זיין קיין אוטאריטעט און אז אלע זיינען גלייך גאר אהן אויס־נאהמע, איז געוועזן קורח; איך גלויב אז אזא מיס־טערהאפטע אגיטאציאנע רעדע פיר אונצופריעדענ־הייט וויא דער אויבענדערמאהנטער מדרש שרייבט צו קרח׳ן, איז נאך ניעמאלס געזאגט געווארען, און אונזערע היינטיגע ראדיקאלע אגיטאטארס קענען פון קרח׳ס רעדע זעהר פיעל לערנען וויא צו ריידען און וויא צו מאהלען בילדער מיט ווערטער.

דאס איז קרח׳ס רעדע אין ריין אידיש:

"קרח האט אויפגעזאמעלט דיא גאנצע געמיינדע און האט פיר זיי געהאלטען א סארקאסטישע רעדע:

אן אלמנה איינע פון מיינע שכינות, מיט איהרע צוויי טעכטער יתומים האבען פערמאגט א שטיקעל פעלד און איין אקס מיט איין אייזעל, ווען זיא האט אנגעפאנגען צו אקערען, האט משה איהר אנגעזאגט: „דו זאלסט ניט אקערען מיט אן אקס און אן אייזעל צוזאמען"; עס איז געקומען דיא צייט פון זייען, זיא האט געהאט אביסעל געמישטע תבואה צו פארזייען, דאן קומט ווייטער משה און שטערט איהר דיא ארבייט, ער זאגט איהר אן: „דיין פעלד זאלסט דו ניט זייען מיט אויפגעמישטע קערנער דאס איז „כלאים". עס איז געקומען שניט צייט. משה איז ווידער דא, און זאגט ווידער צו דער אונגליקליכער אלמנה: „דו מוזט לאזען פון דיינע תבואה: „לקט" „שכחה" און „פאה" פיר דיא ארימע לייט. זיא האט שוין גאט צו דאנק אויסגעדראשען די ביסעלע תבואה, משה איז ווידער דא און זאגט איהר ווידער: „דו מוזט געבען „תרומה", „מעשר ראשון" און „מעשר שני" צו דיא כהנים און דיא לויים.

דיא טרויעריגע אלמנה האט נעביך אלעס געפאלגט און געגעבען, אבער עס האט איהר ניט געלוינט צו אנהאלטען דיא שטיקעלע פעלד, זיא האט דאס פערקויפט, און פיר דאס געלד האט זיא געקויפט צוויי שעפעלעך, אום זיא מיט איהרע ארימע יתומים זאלען

האָבען קליידער פון זייערע וואָל, און געניסען עט־וואָס פון זייערע ניי געבאָרענע שעפעלעך. זיי האָבען שוין דערלעבט דאָס אויך. דיא שמחה איז געוואָרען גרויס ביי דער ארימער אלמנה מיט דיא יתומים. פּלוצלונג, אהא! אהרן, משה׳ס ברודער דער כהן איז דאָ, און זאָגט צו איהר: דיא קליינע ערשט־געבאָרענע שעפּעלאך מוזט דו מיר אָפּגעבען ווייל זיי זיינען „בכורים", און דאס געהערט צו דעם כהן. דיא אלמנה האָט דאס אויך געטהאָן און אָפּגעגעבען דיא קליינע בכורים׳לאך צו אהרן׳ען. עס איז גע־קומען דיא צייט פון אָפּשערען דיא וואָל פון דיא שעפּסען. אהרן איז ווייטער דאָ, און מאָהנט ביי דער וויסטער אלמנה דיא ערשטע וואָל „ראשית הגז". זיא האָט דאס אויך געטאָהן, אָבער עס האָט שוין גע־פּלאצט דיא געדולד ביי דער אלמנה, און זיא האָט בע־שלאָסען צו קוילענען דיא שעפּסען און האָבען אמ־וויניגסטען פליישׁ צו עסען. זיא האָט זיי געקוילעט, אהא! אהרן איז ווידער געקומען. ער האָט איהר געזאָגט: גיב נור מיר אהער דיא ארעמס, באַקען און דיא מאָגענס פון דיא שעפּסען, ווייל דיא „זרוע, הלחיים והקיבה" געהערט צו מיר. דאן האָט דיא אונגליקליכע אלמנה אויסגעשריען: „ווען אפילו איך האָב שוין זיי געקוילעט קען איך פון דעם כהן׳ס הענט ניט ארויס!" און אויפגערעגטערהייט האָט זיא גאָר

מחרים געווען דיא שעפסען, דאס הייסט זיא האט אויף זיך גענומען אז זיא זאל פון זיי קיין הנאה ניט האבען. וויא אהרן דער כהן האט דאס דערהערט האט ער גאנץ קאלטבלוטיג געזאגט צו איהר: „גיעב דאס מיר אפ אין גאנצען, ווייל אזוי האט גאט אנגע־זאגט, אז אלעס וואס ווערט חרם, געהערט דאס צו דעם כהן—„כל חרם בישראל לך יהיה". אהרן האט צוגענומען דיא לעצטע ביי דער אלמנה און איז אוועק געגאנגען; ער האט געלאזען דיא אלמנה מיט דיא יתומים וויינענדיג אויף זייער שרעקליכען שיק־זאל... אט אזוי טוהען זיי צו דיא אונגליקליכע אלמנות „און זיי זאגען, אז גאט האט דאס געהייסען!"

נו, איז דאס ניט א מוסטער פון א רעדע וועלכע איז געפארבט מיט שטארקע פארבען, רויטע קאלי־רען, מיט דעם גרעסטען קראפט פון א דעמאגאג, אויפ־צורייצען דיא מאסע, אז זיי זאלען ארונטער ווארפען פון זיך זייערע פארשטעהער און אויטאריטעטען. וואלט ניט געווען א יושר אז כאטש איין מאל אין יאהר, פ' קרח, זאלען אונזערע אונצופריעדענע ראַ־דיקאלען קומען אין דער אידישער שוהל צו עהרען דעם אנדיינקונג פון דעם ערשטען אידישען דעמאגאג און אגיטאטאר, קרח בן יצהר!

און דאס איז ווירקליך נאר א קראפט פון א דע־

מאגאג און א פאלקס פערפיהרער צו נעהמען אזעלכע בריליאנטענע מצוות וויא „לא תחרוש בשור וחמור יחדו“, „לקט“, „שכחה“ און „פאה“, וועלכע זיינען געגרינדעט אויף הומאנישע געפיהלען און פאר־שטעלען זיי פון דער לינקער זייט. אויסמאהלען א טרויעריגען לעבען פון אן אלמנה און יתומים, אין דער צייט וואס אידען האבען נאך קיין פעלדער גע־האט און עס איז נאך קיין לקט ושכחה ניט געווען. נור דער צוועק הייליגט דעם מיטעל. ביי דיא אונ־צופריעדענע רויטע אגיטאטארס, ווי ביי דיא שוואר־צע יעזואיטען. זיי טהוען אלעס צוליעב דעם צוועק פון אונצופריעדענהייט.

מעז יצא מתוק ומקרח יצאו בני קרח; פון קרח׳ן, משה׳ס געגנער, זיינען ארויסגעקומען דיא בני קרח דיא גרויסע אידישע פאעטען וועלכע האבען בעפוצט מיט זייער פאעזיע דאס יודענטהום אויף עוויג; פון קרח׳ן דער ערשטער אידישער אנארכיסט, וועלכער האט פראטעסטירט גגען געזעץ און געזעצגעבער צו־זאמען, איז ארויסגעקומען דער גרויסער אידישער רע־פובליקאנער, דער הייליגער פראפעט און ליעבהאבער פון געזעץ, שמואל הנביא, וועלכער האט זיך אויסגע־דריקט וועגען געזעץ: „הנה שמוע מזבח טוב להקשיב מחלב אילים“, זיין געהארכזאם איז בעסער

פון אלעם; שמואל קרח׳ס אור־אור אייניקעל האָט געבויט דאס וואס זיין עלטער־עלטער זיידע האָט גע־וואָלט צערשטערען; ער איז געוועןן דער ערשטער גרינדער פון דעם ערשטען אידישען אוניווערזיטעט אין ניות ברמה, א נאציאנאלע שולע, וואו דיא „בני הנביאים“, דיא יונגע פראָפעטען, האָבען דאָרט נעשטודירט; ער איז דער יעניגער, וועלכען דער תלמוד האָט אנערקענט זיין ווערדע זאָ ווייט, אז ער האָט איהם פערגליכען צו משה׳ן מיט אהרן׳ען צוזאַ־מען; ער איז דער ערשטער וועלכער האָט פראָטע־סטירט געגען אויטאָקראַטי און מיט שטארקע ווער־טער איז ער ארויס נעגען דער רעגיערונג פון א קעניג־טהום (שמואל א. ח.). און ער האָט ווירקליך פער־דיענט דעם נאָמען פון דעם ערשטען רעפובליקאנער פון דער וועלט. זיין גרויסער גייסט האָט דורכגע־דרונגען אלע נביאים נאָך איהם און ער איז פערבליע־בען ווי א לייכט טהורם פאר זיין פאָלק אויף אימער. מעז יצא מתוק.



# חקת־בלק

**בלויז צוויי פסוקים פון מיכה הנביא לערנען אונז די פסיכאָלאָגיע פון אידישען פאָלק; די עק־סטרעמען פון זיין כאראקטער האלטען אויף זיין עקזיסטענץ.**

---

„והיה שארית יעקב בקרב עמים רבים כטל מאת ד׳ כרביבים עלי עשב, אשר לא יקוה לאיש ולא ייחל לבני אדם ; והיה שארית יעקב בגוים בקרב עמים רבים כאריה בבהמות יער ככפיר בעדרי צאן, אשר אם עבר ורמס וטרף ואין מציל ; תרם ידך על צריך וכל אויביך יכרתו“. (מיכה ה).

איז עס ניט זאָנדערבאר, ווען מיר הערען א מענש וויעדערשפּרעכט זיך זעלבסט אין איין מאָמענט ? אָט ערשט האָט ער געזאגט זיין מיינונג אויף איין געגענשטאנד אז עס איז זעהר גוט. נאָבעל און שעהן, און אין דעם זעלבען אטהעמצוג זאָגט ער פונקט קאָ־פויר, אז דאס איז שלעכט, ניעדעריג און העסליך. אָט דיעזען איינדרוק בעקומען מיר ווען מיר לעזען איבער דיא צוויי אויבענדערמאָנטע פסוקים פון היינ־טיגע הפטרה. דער פראָפעט שטעלט פאָר, וויא דער

איד וועט זיין צווישען דיא פעלקער מיט דיא ווערטער: „און דיא איבערגעבליעבענע פון יעקב׳ס קינדער וועלען זיין צווישען פיעל פעלקער אזוי וויא געטליכער טהוי, אזוי וויא טראפּפענס רעגען אויף גראז, וועלכער וועט ניט האָפען אויף קיין מענש, און ער וועט ניטווארטען אויף דיא מענשען קינדער“. און גלייך נאָכדעם זאָגט דער זעלבער פּראפעט „און דיא איבערגעבליעבענע פון יעקב׳ס קינדער וועלען זיין אין דיא נאציאנען צווישען פיעל פעלקער אזוי וויא א לייב צווישען דיא וואלד־בהמות און אזוי וויא א יונגער לייב צווישען שטאדעס שאָף, וואו ער וועט נור דורכגעהען וועט ער צוטרעטען, צורייסען, פערצוקען און קיינער וועט ניט רעטען; דיין האנד וועט זיך ערהויבען איבער דיינע בעליידיגער, און אלע דיינע פיינדע וועלען פערניכטעט ווערען“.

דאס איז בוכשטעבליך איבערזעצט דעם נביא׳ס ווערטער און וויא זאָנדערבאר זיי זיינען מיט זייערע פארשטעלונגען, וועלכע זיינען ווירקליך „שני הפכים בנושא אחד“.. אין דעם ערשטען פסוק פערגלייכט ער זיי צו געטליכע טהוי און שפּרוי־רעגען וועלכע בעלעבען און ערפרישען דעם גאנצען בעשאף און אין דעם צווייטען — צו א לייב, א בלוטדושטיגען וועלכער האלט אין איין פערניכטען און צערשטערען. וואס

מיינט דער פראפעט מיט זיין וויעדערשפרוך ? וויא זאָלען מיר דאס פארשטעהען ?...

אָבער ווען מיר זאָלען ווירקליך גוט שטודירען דעם אידענ׳ס כאראקטער, וויא ער האָט זיך אויס־געארבייט אין זיין צוויי טויזענד יעהריגען גלות זייענ־דיג צושפרייט און צוזייט צווישען פערשיעדענע נאציאנען אין אלע לענדער וועלכע האָבען אויך פער־שיעדענע מיינונגען וועגען איהם, דאן וועלען מיר ענטציקט ווערען פון דעם נביא׳ס ווערטער, וויא וויית און טיעף ער האָט אריין געקוקט אין זיין פאָלק׳ס נשמה און האָט געוואוסט מיט טויזענדער יאהרען פריהער וואס עס וועט פון איהם ווערען, ווען ער וועט דארפען דורכמאכען א לאנגען ביטערען גלות־לעבען צווישען דיא פעלקער. און קורץ און שארף האָט ער אונז ערקלעהרט, אז זיין דויערהאפטע לעבענסקראפט, ליעגט נור אין זיינע עקסטרעמען. אין דיא פער־שיע־דענע מיינונגען וואס דיא פעלקער האָבען וועגען איהם ליגט זיין כח צו קעמפפען פיר זיין עקזיסטענץ און איבערלעבען אלע זיינע שונאים, וויא ער ענדיגט נאָך דיא צוויי וויעדערשפרעכענדע פסוקים : **תרם ידך על צריך וכל אויביך יכרתו.**

אום צו מאכען מיך פארשטענדיג מוז איך אייך פארשטעלען א קליינעם בילד פון אונזער היינטיגען

לעבען, דאן וועלען מיר האָבען דעם ריכטיגען בעגריף פון דעם נביא׳ס ווערטער.

אין דעם יאהר 1882 נאָך אלכסנדר דעם צווייטענס טויט, ווען אלכסנדר דער דריטער איז ארויף אויף זיין פאָטער׳ס טראהן, און דער אנטיסעמיטישער גייסט האָט זיך ארייננעכאפט פון דייטשלאנד אין רוסלאנד, און איז פון דער דייטשער טהעארי איבערגענאנגען אין דער רוסישער פראקטיק ; דאן האָבען זיך אָנגעפאנגען פינסטערע טעג פאר דיא אידען. אין רוסלאנד. פאגראמען זיינען אויסגעבראכען אין זייד־רוסלאנד מיט דער גאנצער ברוטאלער פינסטערער מאכט. דער אידישער געשריי האָט זיך אָבער געלאָזט הערען איבער דער גאנצער וועלט, דיא גאנצע פרעסע פון אלע לענדער אין פערשיעדענע שפראכען האָט בעהאנדעלט דיא אידישע פראגע. ווען איגנאטעף דער דאמאָלסדיגער אינערליכער מיניסטער פון רוסלאנד האָט נאָך דיא שוידערהאפטע פאָגראמען געגעבען דיא ארימע אומגליקליכע אידען שמעקען דיא מאי בלומען — דיא נייע גזירות וועלכע זיינען בעשאפען געווארען אין דעם חדש מאי — און האָט נאָך פערקלענערט זייער תחום וואו זיי מעגען וואָהנען, און ארויסגעטריבען טויזענדע אידען פון דיא דערפער און זיי פיר בעטלער געמאכט, — דאן איז דער שטורם אין די

צייטונגען געווארען נאך גרעסער, און פערשיעדענע גייסטליכע גוטע און שלעכטע, יודענפריינדע און אנטי־סעמיטען האבען גענומען די אידישע פראגע אלס זייער טהעמא צו פריידיגען. זעלבסט פערשטענדליך אז די אנטיסעמיטישע „נאוואיא ורעמיא“ האט ניעמאלס געבראכט אין איהרע קאלאמס די גוטע מיינונגען וועגען אידען, און די „נייע פרייע פרעסע“ די וויענער ליבעראלע צייטונג, האט אימער איבער־געדרוקט די פריינדליכע רעדען וועגען אידען.

איין מאל אין אפריה־מארגען בריינגט מיר דער בריעף־טרעגער צוויי צייטונגען די „נאוואי ורעמיא“ און די „נייע פרייע פרעסע“. ביידע האבען אין זייערע לייט־ארטיקלען געבראכט רעדען פון גייסטליכע איבער אידען. די ליבעראלע צייטונג ערצעהלט אז דעם לעצטען זונטאג האט דער ערצבישאף פון ווין, א ליבעראלער מאן, געשפראכען אין זיין פאלאץ איבער די לאגע פון אידען אין רוסלאנד, און האט געבראכט זיינע צוהערער צו טרעהרען, שילדערענדיג זייער לייד און שמערץ, און ביי די ענדע פון זיין רעדע האט ער געדונערט מיט זיין שטימע: „נאַ־ציאנען, רעספעקט זאלט איהר האבען פיר דער אוראל־טער נאציאן וועלכע איז געוועזן וויא א געטליכע טהוי פיר דער וועלט, און וויא טראפענס רעגען אויף

גראז, אזוי האבען זייערע נביאים געטריפט זייערע נבואות אויף דער גאנציער מענשהייט".

איך האב גענומען לעזען דיא „נאוואיאיורעמיא" זיא בריינגט אין איהר ליים ארטיקעל א רעדע וועל־כע דער פראקוראר פון דעם רוסישען היילינגען סינאד אין יענער צייט, דער צורר ישראל פאבעדאנאסצאוו, האט געדעדט אין רוסישען סענאט וועגען דער אידי־שער פראגע אין רוסלאנד. פינסטער איז מיר געווארען לעזענדיג דיא שמוץ וועלכע ער האט ארויפגעווארפען אויף דער גאנצער אידישער נאציאן. מיט א שרעק־ליכען גיפט האט ער געענדיגט : „ראמט אוים דיא אידען פון דעם היילינגען רוסלאנד, ווארפט ארוים דיא בלוט זויגער וועלכע פאלען אן אין אונזערע דער־פער אויף דיא אונשולדיגע פויערען וויא לייבען און וועלף אויף א שטאדע שאף; זיי פערניכטען און רואינירען אונזער ארימעס פאלק און עס איז ניטא קיין רעטער, ניעדער מיט דיא אידען !"

איז דאס ניט א לעבעדיגער פירוש, א ריכטיגער קאמענטאר אויף דעם נביא מיכה'ס צוויי פערשידענע וויעדערשפרעכענדע פסוקים ? איין בריעף־טרעגער האט געבראכט צוויי צייטונגען וועלכע זיינען גע־דרוקט געווארען אין איין טאג איבער איין פאלק, און וויא עקסטרעם ווייט זיי זיינען איינע פון דיא אנדערע

אין זייערע מיינונגען. איינע פערגלייכט דעם אידען צו טהוי, צו רעגען, צו בלומען, און דיא צווייטע צו וועלף צו בלוטדורשטיגע חיות, אוןביידע זיינען איבערצייגט אין זייערע מיינונגען,ביידע ווייזען אר־גומענטען אז זיי זיינען גערעכט. און דאס איז מיכה׳ס נבואה!

ליכט און פינסטערניש; חכמה מיט נאריש־קייט; קראפט און שוואכקייט, פרייהייט און שקלא־פעריי; גליק און אונגליק; ריינליכקייט און שמוץ, רייכקייט און ארמוטה; רעליגיאן און אטהעאיזמוס; רחמנות מיט אכזריות; שטאָלץ און מה־יפית גייסט; שפּראך קענטעניס און זשארגאן; פערשווענדונג מיט קארגשאפט; שיינהייט און אבשייליכקייט — אָט דיא אלע קאָנטראסטען, די אלע עקסטרעמען ליגען אין איין מערקווירדיגען געגענשטאנד — אין דער אידישער נאציאָן. אלף הפכים בנושא אחד! און יעדערער פון דיא אומות העולם געפינט אין זיי דאס וואס ער זוכט און וויל געפינען. און דאס האָט דער פּראפעט געמיינט! —

דער גלות מיט דעם נע ונד לעבען האבען אידען געבראכט צו זיין אזוי שארף עקסטרים.

אָבער דיא קאָנטראסטען שטארקען איהם און גיעבען איהם כחות צו עקזיסטירען, רוסלאנד און

רומעניען לערנען מיט אונז דעם צווייטען פסוק פון דער הפטרה : „כאריה וככפיר“ און ענגלאנד און איטאליען קוקען אויף אונז מעהר אדער וויינינגער מיט דעם בליק פון דעם ערשטען פסוק „כטל וכרביבים“.

ווען אלע וואלטען אונז בעהאנדעלט וויא רוס־לאנד מיט רומעניען, דאן וואלטען מיר שוין לאנג פערניכטעט געווארען מרוב רעה, און ווען אלע וואל־טען זיך מיט אונז בעגעהן וויא ענגלאנד און איטא־ליען וואלטען מיר שוין לאנג אויסגעגאנגען פון מיתת נשיקה מרוב טובה. — און דיא פער־שיעדענהייט גיט אונז כח צו דערלעבען דעם „תרם ידך על צריך וכל אויביך יכרתו“.

אברהם האט נאך געטראגען אויף זיך דעם מע־דאל פון קאנטראסטען מיט עקסטרעמען : זקן וזקנה מצד זה ובחור ובתולה מצד זה“, און דער אלטער ישראל ווערט יעצט איבער א נייעס יונג און נעהמט זיך אן מיט זיינע אלטע נייע קרעפטען צו באזעצען זיך אין זיין אלט־נייי־לאנד.



# פ י נ ח ס

## צו דר. הערצל'ס יאהרצייט.

„ויאמר ד' אל משה עלה אל הר העברים הזה, וראה את הארץ, אשר נתתי לבני ישראל, וראית אותה, ונאספת אל עמך גם אתה כאשר נאסף אהרן אחיך"... „וידבר משה אל ד' לאמר: יפקד ד' אלהי הרוחות לכל בשר איש אל העדה, אשר יצא לפניהם, ואשר יבא לפניהם, ואשר יוציאם ואשר יביאם ולא תהיה עדת ד' כצאן אשר אין להם רועה ; ויאמר ד' אל משה קח לך את יהושע בן נון איש אשר רוח בו וסמכת את ידך עליו והעמדת אותו לפני אלעזר הכהן... ונתת מהודך עליו... ויעש משה כאשר צוה ד' אותו..." (במדבר כ"ז).

„פני משה כפני חמה
ופני יהושע כפני לבנה".
(מאמר התלמוד).

זייט איהר ווען, מיינע געעהרטע שוועסטער און ברידער געפאהרען אויף דעם ים ? זייט איהר ווען געשטאנען אויף דעם אָבער דעק פון שיף פאר נאכט ווען דיא זונן נעהט אונטער ? אויב מאנכע פון אייך האָבען דאס ניט ביינעוואהנט, טהוט עס מיר זעהר לייד, ווייל עס גיעבט ניט קיין הערליכערע און בע־

גייסטערטערע בילד אין דער גאנצער קעניגרייך פון דער נאטור וויא דיא זונן אונטערגאנג אויף'ן ים, עס נעהמט ארום אונזער גאנצען גייסט, עס הויבט אויף אונזער נשמה אין דער אונענדליכקייט פון דעם רוים און טראגט עס אוועק גאר אין אן אנדער וועלט וועל־כע איז פול מיט שיין, ליכט גייסטיגען פערגעניגען און זאנפט; מיט אונזערע אויגען זעהען מיר וויא זיא, דיא לייכטענדע, גוטע ליבענדע ווארימע זונן וועלכע האט אונז בעלויכטען און געווארמט דעם גאנצען טאג; זיא דיא קוועלע פון לעבען וועלכע עס באלעבט דעם גאנצען בעשאף פאנגט אן ארונטער־צו געהן פון איהר מאיעסטעטישען טראהן, פון דעם בלאהען הימעל אין דעם קאלטען גרויסען ים; זיא געהט ארונטער ניעדעריגער, ניעדעריגער, זיא זינקט און טרינקט זיך אין דעם אונענדליכען וואסער וואס וויי־טער טיעפער און טיעפער אין מערב זייט און מיר פיהלען וויא דיא זונען־שטראהלען לעשען זיך אוים...

און דארט פון ווייטען אויף דעם בלויען הימעל זעהט זיך דיא נאכט קעניגין, דיא לבנה, דיא בלאסע און דיא קאלטע מיט איהר שוואכע ליכטיגקייט, וועל־כע זיא עמפפאנגט פון איהר גרויסע הערליכע שוועס־טער דיא פארגעהענדע זונן, און איז גרייט איהר שטע־לע צו פערטרעטען...

דיעזעס נאטור־בילד ערוועקט אין אונז העכערע געפיהלען, א געוואלטיגע בייגקעניש וועלכע ציהט מיט איין אנגענעהמען אומעט אונזער נשמה צו עטוואס העכערעס, שעהנערעס און ערהאבענעס, צו דאס ליכט, צום לעבען וועלכע געהען ארונטער פון דעם גאריזאנט אין דעם טיעפען ים און ווערען פון אונזערע אויגען פערשוואונדען. אָ, וויא פיעל פּאָעזי פון דעם העכסטען סארט איז אין דיעזער הערליכער נאטור בילד. קיין פּאָעטישע פעדער איז ניט אים שטאנד ריכטיג דאס פארצושטעלען ! דאס זעלבע בילד זעהען מיר ווען מיר לעזען אין היינטיגע פרשה וויא משה שטייגט ארויף אויף דעם „הר העברים“ צו בעטראכטען דאס הייליגע לאנד פון ווייטען מיט זיין פולען בעוואוסטזיין אז ער וועט שטארבען בעפאר ער וועט קומען צו איהר.

דער געטליכער געזעגנעבער וועלכער איז בעשטימט געווארען נאָך פון זיין געבורטסטאָג צו זיין דער ערלעזער פון זיין פּאָלק, צו בעפרייען איהם פון זיין שקלאפעריי, און בריינגען איהם צו דעם פערשפּראָכענעם לאנד ; האָט געארבייט דעם גאנצען לעבען זיינעם, געקעמפפט מיט אלע הינדערניסע און שטערונגען וועלכע זיינען איהם אין וועג געשטאנען, ער האָט געליטען זעהר פיעל פון זיינע געגנער און

אלעם בעזיעגט ; ער שטעהט שוין באלד ביין ענדע, ניט ווייט פון דער געבענשטער לאנד ; ער איז אלט אין יאהרען, אָבער נאָך זעהר יונג אין גייסט ; ער איז נאָך פול מיט מוטה און ענערגיע ; ער איז פאל־קאָמען צופריעדען ווען ער גיעבט א בליק ריקוועדטס אויף זיין פערגאנגענהייט מיט זיין ריזיגע ארבייט וואס ער האָט אויפגעטהאָן פיר זיין ליעבעם פאָלק, און איז זעהר פריילּיך, ווען ער קוקט פארווערטס, אז גאר גיך וועט ער קומען צו זיין אידעאל ; אָט באלד וועט ער אריינפיהרען דאָס נייע פאָלק אין זיין נייעם לאנד און ער וועט מאכען פון זיינע נאמאדישע, וואונדערבארע ברידער גוטע, שעהנע, ארענטליכע אקער־בויער וועלכע וועלען לעבען א שטילען ארענט־ליכען לעבען, אויף זייער לאנד נאָך דעם פארשריפט פון דער תורה וועלכע ער האָט זיי געגעבען אין גאָטעס נאָמען ; יא, ער איז צופריעדען וואס דיא אלטע גענעראציאן, דער ערשטער דור מיט'ן שקלאפערישען גייסט איז אויסגעשטאָרבען אין דער מדבר און זיי וועלען שוין ניט שטערען מיט זייער פייגהייט זייערע העלדישע קינדער וועלכע זיינען געבארען געווארען אין דעם מדבר און זיינען פריי, שטארק און מעכטיג וויא דיא נאטור זעלבסט, פון דעם אלטען דור איז מעהר ניט געבליעבען וויא דריי ווירקליכע גרויסע העלדען, ער זעלבסט, יהושע בן נון זיין דינגער, און

כלב בן יפונה זיין פריינד, וועלכע וועלען זיין דיא הויפט געגעראלען פון דער ארמע וועלכע וועט בעזיע־גען דיא אלע פעלקער פון לאנד.

* * *

פערטיעפט אין דיא זיסע געדאנקען שטעהט דער היילינער אלטער־יונגער העלד, זיין גרויסער ווייסער קאפ שיינט און שטראהלט וויא דיא זונן, ער שטעהט ניט ווייט פון דעם „הר העברים" און קוקט מיט זיינע גרויסע ליכטיגע אויגען ארויף צו דעם טיעפען בלויען הימעל און פלוצלונג הערט ער גאט׳ס שטימע : „שטייג ארויף אויף דעם בארג און בע־טראכט דאס לאנד וועלכע איך האב בעשטימט פיר דיין פאלק, דו וועסט איהר בלויז זעהן. דוא וועסט שטארבען דא וויא דיין ברודער אהרן"...

משה איז ערשטוינט געווארען. ער האט א בליק געטהאן אויף דעם מיליאן ברידער, שוועסטער און קינדער, וועלכע זיינען געשטאנען ארום איהם, און שטראמען טרעהרען זיינען ארויס פון זיינע הערליכע אויגען. מיט אן אויסגעשריי פון טיעפען הארצען ווענדעט ער זיך צו גאט : „א, גאט, דער גייסט פון אלע קערפערליכע זאל בעשטימען איין מאן אויף מיין ארט וועלכער זאל דאס פאלק ישראל פיהרען און אריינפיהרען אין דער לאנד, אום זיי זאלען ניט

בלייבען נאך מיין טויט וויא א הירדע שאף אהן א פאסטוך".

און גאט אנטווארטעט משה'ן : „נעהם נור דיין דיענער יהושע בן נון. ער איז א מאן מיט גייסט, דו זאלסט דיינע הענט אויף איהם ארויפלייגען און פון דיין גלאנץ זאלסטו איהם איין טהייל געבען ; דוא זאלסט איהם פארשטעלען פיר אלעזר הכהן און פיר דאס גאנצע פאלק און ער, יהושע, וועט דיין שטעלע פערטרעטען"..

משה האט געטהאן וויא גאט האט איהם גע־הייסען : .

ער האט צוגערופען זיין משרת יהושע און ער האט זיינע הענד אויף זיין קאפ ארויפגעלייגט ; ער האט איהם געבענשט און האט א־הם פארגעשטעלט פיר דעם גאנצען פאלק פיר זיין צוקינפטיגען פיהרער.

אט דא האט דאס פאלק דורכגעלעבט דאס בילד פון זונענאונטערגאנג. זיי האבען געזעהען פיר זיך זייער אלטען העלד, זייער ערלעזער, זייער געזעצגע־בער, זייער פיהרער מיט זיין שיינענדען שטראהלענדען געזיכט וויא דיא זונן אין הימעל געזעגענט זיך מיט זיי, און ביי זיין רעכטע האנד שטעהט זיין דיענער דער יונגער יהושע בן נון וועלכער נעהמט אויף זיך ארויף ליכט פון דיא שטראהלען, וועלכע שיינען ארויס

פון משה׳ן געזיכט, ריכטיג וויא דיא לבנה בעקומט איהר ליכט פון דער זונן.

„דיא זונן געהט אונטער !" „דיא זונן פאר־געהט !" שרייען אוים א מיליאן אידען איינער צו דעם צווייטען ; מיט ברייט אויפגעעפענטע אויגען קוקען זיי אויף זייער ליעבלינג ; זייער זיסע, ליעבע, ווארימע זונן וואס האט זיי באלעבט און בעלייכטעט פון דיא פינסטערניש פון מצרים געהט יעצט אוועק פון זיי אויף אימער, און יהושע — דיא בלאסע לבנה געגען דער שטראהלענדער זונן — פארנעהמט זיין ארט, א הייליגער בייננקעניש א זיסער צער האט אנגעפיהלט זייערע נשמות וועלכע האבען זיך הינגע־ריסען צו משה׳ן, זעגענען זיך מיט איהם, קושען און דאנקען איהם און אויסמישען זיך מיט זיין נשמה און דערטרונקען ווערען מיט איהם צוזאמען אין א ים מיט ליכט און שטראהלען...

„פני משה כפני חמה
ופני יהושע כפני לבנה".

* * *

מיר לעבען הייטע דורך דאס זעלבע וואס משה האט דורכגעלעבט שטעהענדיג אויף דעם „הר העברים". מיר מאכען הייטע דורך א „תקופת המעברה" אין „איבערגאנגס פעריאדע". מיר זעהען

בלויז פון ווייטען אונזער לאנד, און ווער ווייס אויב אונזער שיקזאל וועט ניט זיין וויא דער שיקזאל פון אונזער געזעצגעבער ? ניט מיר גור אונזערע קינדער וועלען איהר ערבען, אבער מיר מוזען טאהן, וויא ער האט געטהאן ; מיר מוזען אויפנעהמען „איש על העדה“ איין מאן וועלכער זאל קענען ווירקליך פערטרעטען דיא אינטערעסען פון זיין פאלק, אז אויסער וואס ער זאל זיין א „יוצא לפניהם“ און א „יבא לפניהם“, אלס גענעראל פון דער ארמעע מוז ער נאך זיין א גייסט־רייכער מאן וועלכער זאל זיין „אשר יוציאם ואשר יביאם“, דאס מיינט ער זאל זיי ארויספיהרען פון דעם גייסטיגען גלות, פון דעם אבערגלויבען און פון דיא פאראורטהיילען וועלכע זיי האבען זיך אנגענומען פון דיא פערשיעדענע פעלקער, וועלכע האבען זיי בעהערשט, און אריינברייגנען זיי אין א ליכטיגע לאגישע וועלט פון ריכטיג דיינקען און נאבעלע טהאט.

דעם פיערטען יאהר־צייט האבען מיר אין דער קומענדער וואך נאך אונזער אונשטערבליכען געשטארבענעם פיהרער ד״ר. הערצל, וועלכער האט געשיינט וויא דיא זונן און איז אונטערגעגאנגען וויא דיא זונן אין מערב זייט לאמיר אבער האפען אז זיא וועט נאך אויפגעהן ווידער פון מזרח זייט !...

## ירמיה.

### די טהעטיגקייט און דער כאראקטער פון דעם אומ־גליקליכען פראפעט, זיין ליעבע צו זיין פאלק און זיין טרויעריגע ענדע.

---

## מטות ומסעי

מבליגיתי עלי יגון עלי לבי דוי; הנה קול שועת בת עמי מארץ מרחקים..." מי יתן ראשי מים ועיני מקור דמעה ואבכה יומם ולילה את חללי בת עמי". (ירמיה ח. י"ח—כ"ג.)

ווען אלע נביאים און גרויסע דיכטער, וועמעס נעמען זיינען געבליעבען אונשטערבליך ביי דער גאנ־צער מענשהייט, זיינען געוועזען אומגליקליכע אין זייער לעבען, איז דער נביא ירמיה' בן חלקיהו געוועזען דער אונגליקליכסטער פון אלע אומגליקליכע; זיינע צרות און ליידען זיינען אונבעשרייבליך, און דאך האט ער זיך וועגען זיך זעלבסט זעהר ווייניג בעקלאגט; זיין גאנצער יאמער און טרויער איז נור אויף זיין אונגליקליכעס פאלק; ער איז ווירקליך דער „מקונן לאומי" און ווען דער אלטער ישראל זעצט זיך אויף דער ערד צו בעוויינען זיין צוויי טויזענד יאהריגען אומגליק, נעהמט ער זיך גלייך צו זיינע קלאג־ליעדער,

דיא שרעקליכע „איכה׳ס" וועמעס גלייכען עס איז ניטאָ אין קיין ליטעראטור אזוי וויא עס איז ניטאָ קיין גלייכען צו ישראל׳ס בראך אין קיין פאלקס געשיכטע און דיא „מסדרי ההפטרות" האָבען איהם אויסערוועהלט אלס א העראָלד צו היינטיגע סדרות, זיי האָבען אויסגעקליבען פאר היינטיגע הפטרה איינע פון זיינע שטארקע קאפיטלאך אלס אָנצוזאָגען און עראינערען דעם „אלטען", אז דער חדש מנחם־אב קומט אָן, און ער זאָל זיך ווייטער צוגרייטען מיט זיינע קלאָג־ליעדער מיט זיינע גרויזאמע „איכה׳ס" צו בעיאָמערען זיין פינסטערע לאנגע אין זיינע גלות ליעדער.

ירמיה׳ס צרות, ענויים און יסורים וועלכע ער האָט איבערגעטראגען אין זיין לעבען זיינען נאָך שרעקליכער און גרויזאמער פון איוב׳ס צרות — אויב ער האָט ווען עקזיסטירט; ווייל דער תלמוד זאָגט אז איוב איז גאָר אויף דער וועלט ניט געווען — איוב האָט געליטען פון גאָט פון דער נאטור און ירמיה איז אויסגעשטאנען זיינע יסורים פון זיינע אייגענע ברידער פון דיא קינדער פון זיין פאָלק וועלכען ער האָט געליעבט פיעל מעהר וויא זיך זעלבסט; אכט מאָל איז ער אין געפיינגניס פערשפארט געווארען און דארט האָט ער געליטען הונגער און דורשט, און

דורך דעם קעניג צדקיהו׳ס גנאדע האָט מען איהם ברויט מיט וואסער דערלאנגט ; טיעף אין זומפּף האָט מען איהם איינגעזונקען, זאָ וויים אז מען האָט איהם הערוויסגעצויגען פון דארט מיט שטריק, און מען האָט געמוזט אונטער זיינע ארעמס ארונטער־לייגען לומפּען און אלטע קליידער אום זיינע הענט זאָלען זיך ניט אָפּרייסען פון זיין קערפּער ארויסציהענ־דיג איהם ; ניט איין מאָל האָבען איהם דיא בע־אמטע און דיא פאלשע פּראפּעטען געשלאָגען און נאָך אלעם דעם האָט ער זיך אויסגעדריקט : „מבליגיתי עלי יגון עלי לבי דוי... הנה קול שועת בת עמי מארץ מרחקים!“

דאס הייסט : „איך האלט מיך איין פון טרויער ווען אויף מיר פערזענליך טהוט מיר דאס הארץ וועה... אָבער ווען דער געשריי קומט פון מיין פאָלק פון א ווייטע לאנד“, דאן איז איהם אונמעגליך געוועזן זיך איינצוהאלטען און ער האָט זיך אויסגע־דריקט אין א שרעקליכע פערצווייפלונג : „מי יתן ראשי מים ועיני מקור דמעה ואבכה יומם ולילה את חללי בת עמי“, דאס מיינט : „אָ גאָט, גיעב מיר אז מיין קאָפּ זאָל זיין א פאנטאן מיט וואסער און מיינע אויגען וויא צוויי קוואלען, דאן וואָלט איך בעוויינט דיא דערשלאָגענע פון מיין פאָלק !“

וויא שטארק דיא ליעבע זיינע איז געווען צו זיין נאציאן איז נאך פיעל שטארקער געווען זיין פערדרוס, ווען ער האט געזעהען אז זיי זיינען געווארען דעמא־ראליזירט און מיט גרויס ביטערנים שרייט ער אויס: „שוטטו בחוצות ירושלים וראו נא ודעו ובקשו ברחובותיה, אם תמצאו איש, אם יש עושה משפט מבקש אמונה ואסלח לה!" „געהט צו שפרייט זיך איבער אלע ירושלים'ער גאסען, קוקט נאך און שטודירט און זוכט נאך גוט אויב איהר וועט געפינען איין מענש זאל זיין אן ערענטליכער מאן און זאל זיין אויפריכטיג דאן וועל איך איהר פערצייהען".

און וויא שרעקליך איז ווען ער זעהט בעפאר דיא ענדע פון זיין ליעבעם פאלק מיט דעם הייליגען לאנד צוזאמען. קיין נביא האט ניט פארגעשטעלט דעם חורבן מיט מעהר הערצררייסענדע און אין דער זעל־בער צייט אויך איינפאכע ווערטער וויא דער נאציא־נאלער מקונן ירמיהו הנביא אין זיין פערטען קאפיטעל:

מעי מעי אוחילה, קירות לבי הומה לי, לבי לא אחריש, כי קול שופר שמעתי, נפשי תרועת מלחמה; שבר על שבר נקרא, כי שדדה כל הארץ, פתאום שדדו אהלי רגע יריעותי; עד מתי אראה נס, אשמעה קול שופר?! כי אויל

עמי אותי לא ידעו בנים סכלים המה, ולא נבונים המה, חכמים המה להרע ולהטיב לא ידעו, ראיתי את הארץ והנה תהו ובהו ואל השמים ואין אורם, ראיתי ההרים והנה רועשים, וכל הגבעות התקלקלו; ראיתי והנה אין האדם וכל עוף השמים נדדו; ראיתי והנה הכרמל, המדבר וכל עריו נתצו מפני ד' מפני חרון אפו, כי כה אמר ד' שממה תהיה כל הארץ וכלה לא אעשה".

מיט איינפאכע ווערטער שטעלט ער פאר פאר אונזערע אויגען דעם נאציאנאלען אונגליק: „מיין הארץ, מיין הארץ קאָכט אין מיר, איך קען איהר ניט איינשטילען, ווייל איך האָב געהערט דעם שופר בלאָזענדיג, מיין נשמה — דעם קריעגס סיגנאל, איין אונגליק אויף דעם צווייטען ווערט פּראקלאמירט, די גאנצע לאנד איז צורויבט געוואָרען, גאָר פּלוצלונג זיינען אלע מיינע געצעלטען פארניכטעט געוואָרען, אין איין מאָמענט — מיינע קאָסטבארע פארהאנגען; אָ! ביז וויא לאנג וועל איך זעהען דעם פיינד'ס פאָהנע פלאטערנדיג? ביז וויא לאנג וועל איך הע־רען זיינע סיגנאלען? — מיין פאָלק איז פערנארט, זיי פארשטעהען מיך ניט; נאריש זיינען זיי, גאָר אָהן פערשטאנד, זיי זיינען מאנכעס מאָל יא קלוג, אָבער נור אויף שלעכטעס טהאָן, פון גוטעס האָבען

זיי קיין בענגריטף ; איך האָב געזעהען דאס לאנד און זיא איז אין גאנצען וויסט און לעהר ; דיא הימעל — זייער שיין איז פערלאָשען ; איך האָב געזעהען וויא דיא בערג ציטערען און אלע הימלען זיינען צושטערט געווארען. איך האָב קיין מענש גע־זעהען מעהר, זאָגאר דיא פויגלען האָבען אוועקגעוואנ־דערט ; איך האָב געזעהען — אַט דער כרמל איז א וויסטענעם געווארען, און אלע שטעדט ארום איהם זיינען חרוב געווארען פון דעם געטליכן צאָרן.

און דאך — ענדיגט דער אונגליקליכער פראפעט — און דאך האָט גאָט אזוי געזאָגט : „וויסט וועט ווערען דיא לאנד, אָבער אין גאנצען וועל איך איהר ניט פערניכטען !"

דער אונגליק זיינער ווערט נאָך אָבער גרעסער ווען ער איז מתפלל און גיסט אוים זיינע הייליגע פאטריאָטישע געפיהלען פיר גאָט, הערט ער פלוצלונג נאָטעם שטימע ענטפערט איהם : „ואתה אל תתפלל בעד העם הזה לטובה ,אם יעמד משה ושמואל לפני אין נפשי אל העם הזה שלח מעל פני ויצאו" (ירמיה ט"ו) דאס מיינט : „עס וועט דיר דיין געבעט ניט העלפען, זאגאר ווען משה און שמואל דיא גרעסטע אידישע פארשטעהער וועלען מיך בעטען, וועל איך זייער וואונש ניט ערפילען".

ארימער נביא, דער לעצטער האָפנונגס פונק דיינער איז פערלאָשען געווארען !

*) זיינע סימבאָלישע בילדער האָבען געווים זעהר פיעל געווירקט אויף דיא הערער. דער „מאנדעל־שטאָק“, דער „אויפגעזאָדענער טאָפּ“, דער „גארטעל אין דעם שטיין“, דיא פלאש וואסער“, און „דיא פייגען קערב“ אָט דיא אלע סימבאָלישע בילדער האָבען וואהרשיינליך א גרויסען איינפלוס געהאט אויף דעם פאָלק אין זיין צייט ; מיר ווערען נאָך היינט אויך ענטציקט פון סימבאָלען : דיא דייטשען ערצעהלען אז אין דער צייט ווען אין בערלין איז ארונטער גענומען געווארען דיא פרייסישע אדער דיא נאָרד־דייטשלאנד׳ס פאָהן, און דיא אלגעמיינע דייטשע רייכס־פאָהן איז ארויפגעצויגען געווארען, איז דיא פרייד דאן געוועזען זעהר גרויס און דאך ווען דיא צוויי פאָהנען (פלעגס) האָבען זיך באגעגענט איינע ארויף און דיא אנדערע אראפּ, האָט אויסגעבראכען א שרעקליכער יאמער געשריי פון דאס גאנצעם פאָלק, און טייכען טרעהרען זיינען פערגאסען געווארען.

לא־טור ד׳אָווערען דער גרויסער פראנצויזישער

*) זעה „ירמיה הנביא“ פון לאצארוס.

העלד אין דעם יאהר 1808 ווען ער איז געפאלען טויט אויף דעם שלאכט פעלד, האט נאפאלעאן באנאפארט געהייסען איינבאלזאמירען דאס הארץ פון דעם העלד און איינער פון די אפיציערען האט דאס אימער מיט־געטראגען אין יעדער קריעג. און יעדעס מאל ווען מען פלעגט ברויכען אויפצומונטערען די סאלדאטען האט דער פעלדמארשאל א געשריי געטהאן: „ל־טור ד'אווערען!“ און דער אפיציער וועלכער האט זיין הארץ מיטגעטראגען פלעגט גלייך אנטווארטען „איך בין היער!“ און דער סימבאל האט זעהר פיעל געווירקט אויף די פראנצויזישע מיליטער.

דאס איז דער קראפט פון סימבאל, ירמיה הנביא'ס לאנדסלייט פון דער שטאדט ענתות האבען איהם זעהר פיינד געהאט ווייל עס גיעבט ניט קיין פראפעט אין זיין אייגענע שטאדט און זיי האבען איהם זיין לעבען פערביטערט זא וויט, אז ער האט זיך איינמאל אויסגעדריקט „לא אזכרנו ולא אדבר עוד בשמו והיה בלבי כאש בוערת עצור בעצמותי ונלאיתי כלכל לא אוכל“ דאס הייסט: „איך וועל שוין גאטס נאמען ניט דערמאנען און איך וועל שוין מעהר קיין נביא זיין, אבער איך האב זיך ניט געקענט איינהאלטען, ווייל דער רוח הנבואה האט גע־ברענט אין מיר וויא א בראנד פייער“.

זיין אידעאל איז געווען אז דאס גאנצעס פאָלק פון קליין ביז גרויס זאָלען לערנען און פערשטעהען דיא גאָטהייט — „כי למקטנם ועד גדולם ילכו לדעת את ד'".

זיין הייסע ליעבע צו זיין לאנד זעהען מיר אין דעם אז ווען דאס לאנד איז שוין געווען אין דעם שונא'ס הענט האָט ער דאן געקויפט פעלד ביי זיין קאָזין מיט דעם נאָמען חננאל, אום צו צייגען „כי עוד יקנו שדות וכרמים בהרי יהודה" אז מען וועט נאָך קויפען וויעדער לאנד אויף דיא בערג פון יהודה.

* * *

זיינע יסורים קערפערליכע און גייסטיגע ווערען וואס ווייטער נאָך גרעסער ביז זיין לעצטען טאָג. זיין לאנד איז חרוב; זיין קעניג איז געטויטעט; זיין טעמפעל פערברענט; זיין פאָלק פערטריעבען און ער דער פּראָפעט, שטארבט. וואו? אין מצרים אין זיין פערהאסטע לאנד! אָ, וויא שרעקליך זיין ענדע איז!!!

און אין אונזערע אויערן קלינגען נאָך זיינע זיסע ווערטער: „עוד אבנך" ונבנית בתולת ישראל!"



## דברים — תשעה־באב

**„תשעה באב“ אלס נאציאָנאלער „יאָהר־צייט“ ביי דעם אידישען פאָלק נאָך זיינע היסטאָרישע גרויסע אונגליקען אין פערשיעדענע צייטען און פערשיעדענע לענדער.**

---

„קרא עלי מועד לשבור בחורי !“
(איכה א. ט"ו).

א פאָלקאָמענער ראדיקאלער מאן איז געווען מיין פריינד דער בעוואוסטער ווארשאווער אדוואקאט מר. נ. פון נאטור איז ער געוועזען זעהר א פרעהליכער, א לוסטיגער, אימער האָט ער ליעב געהאט גוטע וויטצען צו זאָגען אום צו פרעהליך און לוסטיג מאכען דיא מענשען וועלכע זיינען מיט איהם געווען אין פערקעהר. איין מאָל האָב איך איהם בעזוכט אין זיין וואָהנונג אין א געוועהנליכען מיטוואכדיגען טאָג. ווי ערשטוינט בין איך געווארען אז איך האָב געפונען מיין פרעהליכען פריינד אין א שרעקליכער פּאָזע,

זיין קאָפּ אַרונטערגעלאָזען אויף זיין ברוסט, זיינע אוי־נען רויט פון געוויין און א טרויער וואלקען איבער זיין גאנצען געזיכט.

„וואס איז מיט אייך געשעהען פריינד נ. ?"
האָב איך איהם מיט אן אונרוהיגע שטימע געפרעגט.

א זיפץ פון זיין טיעפען הארץ און צוויי גרויסע טראפענס טרעהרען פון זיינע אויגען איז געווען זיין אנטווארט.

„בערוהיגט זיך, מיין פריינד, אום גאָטעס ווילען, און ערקלעהרט מיר וואס איז מיט אייך, פיעללייכט וועל איך קענען עטוואס פערלייכטערען אייער שמערץ"

„ניין מיין פריינד, האָט ער אויסגעבראכען מיט א יאָמערליכען געוויין, ניין, ניט איהר וועט מיר קע־נען לייכטער מאכען, און ניט איך וויל מען זאָל מיין טרויער פערגרינגערען; דער היינטיגער טאָג אין יעדען יאהר איז ביי מיר פערהייליגט און בעשטימט פיר טרויער און געוויין. אין דיעזען טאָג — האָט ער אָנגעפאנגען צו ריידען מיט א שטארקערע שטימע, און ארויסנעהמענדיג פון זיין טאש א מעמאראנדום בוך האָט ער אין איהם געלעזען — „אין דעם טאָג אין יענעם יאהר האָב איך מיין זעליגען פאטער פערלארען, מיט 10 יאהר שפּעטער אין דעם זעלביגען טאָג איז מיין אונשטערבליכע מוטער געשטאָרבען, אין אייניגע

יאהר שפעטער, האָט מיין שעהנע שוועסטער אין דעם טאָג איהר לעבען געענדיגט ; אין דעם זעלבען אונגליקליכען פינסטערען טאָג מיט עטליכע יאהר שפעטער איז מיין געראטענער שטארקער ברודער גע־פאלען און איז פערקריפעלט געווארען. ער איז א קריפעל געבליעבען עד היום הזה. ער לעבט נאָך, אָבער אך און וועה איז צו אזא סארט לעבען. עס איז נאָך ווייניג געווען, איז מיט איינינע יאהר צוריק אין דעם זעלבען טאָג מיין קליין שוועסטעריל דיא איננסטע פערשוואונדען געווארען און פערפיהרט געווארען זעהר ווייט, אז איך האָב שוין קיין האָפנונג צו זעהען זיך מיט איהר ; איהר פארשטעהט יעצט מיין פריינד מיין טרויער. ער איז אין דיעזען טאָג א פינף־פאכיגער לאָזט מיך זיך אויסוויינען אין דיעזען טאָג, וועלכער ענטהאלט אין זיך מיינע פינף יאהר צייטען. יאהר־צייט נאָך מיין פאָטער ; יאהר־צייט נאָך מיין ליעבע מוטער ; יאהר־צייט נאָך מיין עלטערע שוועסטער ; עראינערונג נאָך מיין עלטערען ברודער׳ס אומגליק ; טרויער נאָך מיין קליין שוועסטעריל, דיא פערשוואונ־דענע : טרייסט מיך ניט, מיין פריינד, אין דיעזען שרעקליכען אונגליקליכען טאָג. איהר זעהט מיין פריינד, אז עס העלפט ניט היינט מיין פריי־דיינקען, עס ווירקען ניט אויף מיר הייטע מיינע ראדיקאלע אידעען, דער בראך איז צו גרויס, דער אונגליק איז צו

שטארק און דער טאָג היינטיגער איז פיר מיר צו הייליג, אום ער זאָל געהערען צום קאָפּ. ער געהערט איי גאנצען צום הארץ, און דאס הארץ מיינע פיהלט זיך וויינט אויף מיינע אונגליקען און וויל ניט וויסען פון ראדיקאלע געדאנקען! אין דעם טאָג האָב איך אָנגעווארען מיין פאָטער, מיין מוטער, מיין שוועסטער, אין דעם טאָג האָט דער אונגליק געטראפען מיין ברודער און מיין ארימע שוועסטעריל, לאָזט מיך, לאָזט מיך זיך אויסוויינען!"

מיר איז גאָר ניט געבליעבען צו טהאָן וויא נור אויסוויינען זיך מיט איהם צוזאמען.

* * *

מיינע געעהרטע ברידער און שוועסטער, האָט ניט דיעזער נייגטער טאָג אין אָב דיא זעלבע בעדייטונג פיר דעם אלטען ישראל מיט אלע זיינע קינדער, אפילו פאר דיא פרייזיניגע און ראדיקאלע? קענען מיר זיך טרייסטען אין דעם שרעקליכען היסטאָרישען טאָג, אין וועלכען פינף אונגליקען האָט אונז געטראפען און האָט ביי אונז צוגענומען דיא בעסטע קרעפטען אין פערשיעדענע צייטען. און אין פערשיעדענע לענדער? ניין, מיר קענען ניט און מיר טאָרען ניט אין דעם פינף־פאכיגען נאציאנאלען יאהר־צייט־טאָג געטרויסט ווערען; דער קלעגליכער הייליגער

פראפעט, דער פערפאסער פון מגילת „איכה“, וועלכע ענטהאלט אין זיך דעם אידען׳ס גרעסטען זיפץ, ירמיה הנביא האט בעצייכענט דעם טאג פיר א נאַ־ציאָנאלען יאָהר צייט, מיט זיין פראפעטישען בליק האט ער געזעהען אז דער ערשטער גרויסער אונגליק, וועלכען ער האט בייגעוואהנט איז נאך ווייט ניט דער לעצטער; האט ער זיך אויסגעדריקט אין דעם ערשטען קאפיטעל „איכה“ „קרא עלי מועד לשבור בחורי!“ דאס הייסט: „ער האט מיר בעשטימט א טאג צו ברעכען אין איהם מיינע בעסטע קרעפטען“.

„אין דעם טאג“, שרייט אוים ישראל סבא פיר דער גאנצער וועלט, „האב איך יאהר־צייט נאך מיין ערשטען בית המקדש, וועלכען נבוזראדן האט פער־ניכטעט מיט צוויי טויזענד דריי הונדערט מיט נייג־צעהן יאהר בעפאר, און איך בין געבליעבען פאטער־לאָז, וויא מיין פראפעט האט זיך אויסגעדריקט אין זיין קלאגעס ליעד „יתומים היינו אין אב אמותינו כאלמנות“ דאס הייסט: דעם פאטער האב איך פערלאָרען, און מיין מוטער ציון, דאס לאנד, איז אן אלמנה געבליעבען. אין גאנצען האט מען מיך פון מיין מוטער ניט ענטריסען אלזא איז דאס יאהר צייט נאך מיין פאטער! און איך אלס יתום בין איך

נאָך ביי מיין מוטער די אלמנה פערבליעבען און מיין לעצטער פירשט „גדילה בן אחיקם" האָט אויף מיר בעאבאכטעט ; נאָך זיעבען צעהנדליג יאהר האָב איך מיט מיין מוטער צוזאמען אָפּגעלעבט, און מיר האָבען ווידער געלעבט א פּאָליטישען לעבען בענאהע פינף הונדערט יאהר ; נאכהער אין דעם זעלבען טאָג מיט טויזענד אכט הונדערט ניין און דרייסיג יאהר צוריק האָט טיטוס — דער רוימישער תכשיט ; יהודה'ס מלאך המות — מיין מוטער ציון רואינירט; דעם צווייטען בית המקדש פערברענט ; מיך פער־טריעבען, אין גאנצען אָפּגעריסען פון מיין מוטער'ס באָדען און צושפּרייט און צייזייט איבער אלע וועלט טהיילען ; אלזא איז דאס יאהר צייט נאָך מיין מוטער !"..

„אין דעם זעלבען טאג מיט טויזענד זיעבען הונדערט דריי און זיבציג יאהר צוריק האָט מיין שוועסטער, דיא גרויסע שטאָדט „ביתר", געגעבען דעם לעצטען קרעכץ אויף דעם שלאכט פעלד אונטער מיין גרויסען העלד „בר כּכבא", און איז געפאלען אונטער אנדריינוס'ס שווערד צוזאמען מיט מיין טרייער קינד, רבי עקיבא מיט זיינע טויזענדער תלמידים. אלזא יאהר צייט נאָך מיין שוועסטער ביתר".

„ארעם און עלענד, פערטריעבען און פעריאגט

ביז איך מיט מיינע קינדער געווארען איבער דעם גאנצען ערד־קוגעל, ביז איך האב זיך צוגעשלאגען צו דער לאנד שפאניען, מיין עלטערער ברודער האט זיך דארט אפגעשטעלט און ציעמליך איינגעארדענט. ער איז רייך געווארען, א שעהנע קולטור ענטוויקעלט, גרויסע קינדער פאטען ערצויגען, זעהר פיעל נוצען געבראכט צו דער וויסענשאפט אין אלגעמיין און צו דער מעדיצין בעזאנדערס, דער נאמען „ספרדי" האט געקלונגען איבעראל מיט כבוד און גדולה בעציערט און בעקרוינט. איך האב פון איהם פשוט א ביסעל נחת גע־האט, אבער „קרא עלי מועד לשבור בחורי," און דער נייטער טאג אין אב אין דעם יאהר רנ"ב מיט פיער הונדערט זעכצעהן יאהר צוריק איז געקומען און דיא קאטוילישע פאר־פאלק דער קעניג פערדינאנד מיט דער קעניגין איזאבעלא, אונטער דעם איינפלוס פון דעם פינסטערען יעזואיט און שווארצען אינקוויזיטאר טארקוועמאדא, האבען זיי מיין עלטערען ברודער דעם ספרדי מיט זיין גאנצע פאמיליע, ביז פיער הונדערט טויזענד מאן, ארויסגעטריעבען פון שפאניען, און זיי פאראונגליקט אויף אייביג. איין פיערטעל זיינען פון הונגער און פערשיעדענע קראנקהייטען אויסגעשטאר־בען; א פיערטעל זיינען דורך דיא קאפיטאנען פון דיא שיפען פיר שקלאפען פערקויפט געווארען און צוויי פערטעל זיינען צושפרייט געווארען איבער דער

גאנצער וועלט און זיי האָבען פערלארען זייערע אמאָ־
ליגע פעהיגקייטען און זיינען גייסטיג פערקריפּעלט
געווארען. אלזא אין דעם זעלבען טאָג יאהר־צייט
נאָך דעם אונגליק פון מיין עלטערען ברודער!

ריכטיג מיט פיער הונדערט יאהר נאָך „גירוש
ספרד“ אין אונזערע יאהרען „שנת תרנ“ב“ מיט זעכ־
צעהן יאהר צוריק האָט אלכסנדר דער דריטער ווידער
אין דעם זעלבען טאָג „תשעה באב“ אונטערגעשריע־
בען זיין ערלויבונג צו דעם באראן הירש צו נעמען א
טהייל אידען פון רוסלאנד נאָך דיא ווילדערנעש פון
ארגענטיניען, און אזוי איז דער „קרא עלי מועד
לשבור בחורי“ ווידער מקוים געווארען אין דעם
זעלבען נאציאנאלען שרעקליכען טאָג. ווידער יאהר־
צייט נאָך דיא פערשוואונדענע קליינע שוועסטעריל
מיינע, דיא לעצטע אידישע גלות קהלה אין אונזער
דור“.

„זייט אייך, קינדערלאך, ווער איהר זייט, —
שרייט אוים נאָך העכער ישראל סבא, — זייט אייך
פריי, ראדיקאל, אָבער אן אנטהייל אין מיין יאהר
צייט זאָלט איהר נעהמען; אין מיין שרעקליכען
פינף־פאכיגען אונגליקס־טאָג. לאָזט מיך זיך אויסוויי־
נען,טרייסט מיך ניט היינט, אָדער איך וועל אייך זא־
גען מיט דער שפּראך וועלכע מיין טהייערער פּראפעט

„בן אמוץ" האָט אמאָל געזאגט : „על כן אמרתי שעו מני אמרר בבכי אל תאיצו לנחמני על שוד בת עמי, כי יום מהומה, מבוסה ומבוכה לד' אלהים צבאות !" דארום האָב איך געזאָגט : טרעט אָפּ פון מיר, לאָזט מיך ביטערען אין געוויין, איילט ניט טרויסטען מיך אויף מיין פאָלקס אונגליק, ווייל דער טאָג איז א שרעקליכער א צוטומעלטער, א צומיש־טער ביי גאָט צבאות". דער טאָג טאָר ניט געהערען צום קאָפּ מיט זיינע רעכנונגען ; ער געהערט צום הארצען מיט זיינע געפיהלען. דאס הארץ פיהלט און וויינט אויף מיינע אונגליקען און עס וויל ניט וויסען פון ראדיקאלע מאָדערנע געדאנקען ; אין דעם טאָג האָב איך מיין נאציאָנאלען פינף־פאכיגען יאהר צייט, לאָזט מיך זיך אויסוויינען !"

* * *

„כי באש אתה הצת ובאש אתה עתיד לבנותה", זאָגען מיר „תשעה באב" איז דער „תפלת נחם", און דאס מיינט ריכטיג אז מיט דעם פייער מיט וועלכען אונזערע אור־אור־עלטערען האָבען די שטאָדט ירושלים אונטערגעצונדען, מיט דעם פייער פון „מחלקת" „שנאת חנם" „פרוד הלבות", קריגעריי, צאנקעריי און האס, זאָלען מיר היינט מיט פייער איהר איבער א ניים אויפבילדען מיט דעם הייליגען פייער פון

אחדות, מוטה, נאציאנאלען שטאָלץ און ליעבע און עס
זאָל שוין זיין אן ענדע צו דעם נאציאנאלען שמערץ
ונסו יגון ואנחה אמן.



# ואתחנן — שבת נחמו

**ווי „שבת חזון" אזוי „שבת נחמו". אונזער טרויער און אונזער טרויסט,ביידע זיינען נור אויטאָ־מאַטיש ביי אונז, ווייל די געוואָהנהייט פערדאַרבט דעם געפיהל.**

---

„נחמו נחמו עמי יאמר אלהיכם דברו על לב ירושלים וקראו אליה, כי מלאה צבאה, כי נרצה עונה, כי לקחה מיד ד' כפלים בכל חטאתיה".
(ישעיה מ.)

עס איז ווירקליך צו בעוואונדערען דיא גרויסע ירושה, וועלכע בן אמוץ, דער פרינץ פון דיא נביאים, האָט אונז איבערגעלאָזען אין דעם הייליגען אונ־שאַצבאַרען מאַטריאַל פון דיא זעקס און זעכציג קאַ־פּיטלאַך פון דעם ספר ישעיה. ווען דער אַלטער נַע ונד'ניק ווייל אויסדריקען זיין טרויער זיין גרויזאַמען שמערץ אין דעם שבת וואָס פאַלט פאַר זיין שרעקלי־כען פינף פאַכיגען יאָהר צייט, נעהמט ער דעם ערש־טען קאַפּיטעל פון זיין געליעבסטען פּראָפעט און גיסט אויס אין איהם זיין נשמה מיט זיין טרויער צו־זאַמען און כאַפּט אָן דעם שבת מיט דעם ערשטען

ווארט פון דער ערשטער נבואה, „שבת חזן“. ענדיגט ער זיינע טרויער טעג און וויל זיך א ביסעל טרויסטען, דאן מישט ער איבער דעם ספר ישעיה ביז דעם פערציגסטען קאפיטעל און מיט א פרעהליכע שטימע פראקלאמירט ער זיין טרויסט אין דעם „נחמו נחמו עמי!“ און רופט אן אויך דיעזען שבת מיט דעם נאמען, „שבת נחמו“ *) אבער וויא דער „חזון“ אזוי דער „נחמו“, וויא דער טרויער אזוי דער טרויסטביידע זיינען געטליך, ערהאבען און גייסטרייך ביז דער העכסטער שטופע פון פאעזיע.

און דער פראפעטישער פרינץ „בן אמוץ“ איז דער העלד פון טאג ביי אונז וויא אין לייד אזוי אין פרייד.

ליידער אבער האט דער לאנגער צוויי טויזענד יעהריגער גלות מיט זיין פינסטערע מאכט אונז אונטער דער געוואהנהייט אונטערגעווארפען, און האט אונז פאר אוטאמאטען געמאכט, ווייל „ההרגל

---

*) דיא ביבעל קריטיקער, די: ראציאנאליסטען, האבען צוטהיילט דעם ספר ישעיה אויף צוויי טהייל: פון „חזון“ ביז „נחמו“ האבען זיי דעם ערשטען ישעיה׳ן איינגעטהיילט, און פון „נחמו“ ביז דיא ענדע האבען זיי דעם „ישעיה השני“ פון בבל אפגעגעבען אבער וויא דער ערשטער אזוי דער צווייטער זיינען אונזערע, און ניט קיינעמס.

ישחית את ההרגשה". דיא געוואָהנהייט האָט פער־ניכטעט דעם געפיהל, און מיר פיהלען ניט דעם אונ־טערשיעד פון טרויער ביז פרייד, פון קומער ביז טרויסט, פון „חזון" ביז „נחמו".ביידע עקסטרעמע נבואות זיינען גלייכע הפטרות ביי אונז אין שוהל; ביידע ווערען פערקויפט פון דעם זעלבען שמש, ביידע ווערען געלעזען ביי דעם „מפטיר" מיט דיא זעלבע גלייכגילטיגקייט, נור עטוואס אנאנדער ניגון אין דעם „חזון" וועלכע שטעלט נאָך מעהר צופריעדען דעם „מפטיר" וויא „נחמו" וואס ווערט געלעזען מיט דעם ניגון פון אַ גאנץ יאהר.

אָ דיא געוואָהנהייט, זיא האָט אונזערע נאציא־נאלע געפיהלען אין גאנצען געטויטעט. מיר זעהען ניט מיט אונזערע אויגען; מיר הערען ניט מיט אונ־זערע אויערען, מיר זיינען אין גאנצען אָוטאָמאטען געוואָרען, לייד און פרייד, צער און נחת „חזון" מיט „נחמו" זיינען אלעם איינס ביי אונז, גלייכגילטיג, אָוטאמאטיש זאָגען מיר אונזערע תפלות, וויא הכל אזוי דיא קינות, אונזערע „תהילים זאָגער" זאָגען מיט דעם זעלבען ניגון דעם פסוק פון „למה ד' תעמוד מרחוק" מיט דעם פסוק „זה היום עשה ד' נגילה ונשמחה בו"; דאס אפטאָמיסטישע, לעבענסלוס־טיגע פריהלינגס ליעד „שיר השירים" ווערט געלע־

זען מיט דיא זעלבע מאָנאָטאָנע טרויעריגע טענער פון דעם ארימען „בעל קריאה“ וויא דער פעסימיסטי־שער טרויער־בוך קהלת *) מיט דעם זעלבען ניגון לעזט ער דעם פסוק אין שיר השירים „הביאני אל בית היין ודגלו עלי אהבה“, ער האָט מיך אין וויין הויז אריינגעבראכט און האָט מיך מיט זיין ליעבע באשיצט“ וויא דעם פסוק אין קהלת: „טוב ללכת אל בית־אבל מלכת אל בית־משתה באשר הוא סוף כל אדם“, עס איז בעסער צו געהן אין טרויער הויז וויא אין א וויין־הויז ווייל טרויער איז דיא ענדע פון יעדען מענשען“.

ער, דער אוטאמאטישער, מיט גלות אנגעפיל־טער, ארימער בעל קריאה פיהלט ניט דעם אונטער־שייד פון „שיר השירים“ מיט „קהלת“ פון „בית היין“ מיט „בית אבל“, אזוי וויא פון „חזון“ מיט „נחמו“. אלעס איז ביי איהם איינס, און אויף אלעס שוועבט דער טרויער גייסט און דיא צוריסענע סטרו־נעס פון דיא בבל פידלען מיט צובראכענע גלות טענער קלינגען אָפּ איבער דעם גאנצען ערד־קוגעל

*) און דיאביידע ביכער האָט מען צו „שלמה המלך“ צו־געצייכענט נור דעם ערשטען יונגערהייט, און דעם צווייטען אויף דער עלטער. גאָר א קליינער אונטערשיעד: יונג און אלט!!

וואו דיא קינדער פון דעם אלטען וואנדערער זיינען צו זייט און צו שפרייט.

הערט זיך נור צו דיא וואונשען מיט דיא ברכות וועלכע אידען ווינשען און בענשען איינער דעם צווייטען אויף זייערע שמחות, וועט איהר זע־הען און אויך זיך איבערצייגען, אז אלעס איז פער־פרוירען, מיט גלות־אייז פערדעקט, קיין געפיהל און קיין ווארימקייט אין זיי בלויז איינגעלערנטע איינגע־וואהנטע און ווידערהאלטע פראזען פון דור דורות אהן טעם און אהן ריח.

„לחיים!" שרייט איין איד אויס צו דעם אנ־דערען זיצענדיג צוזאמען ביי איין טיש אויף א שמחה און פערזוכענדיג עטוואס פון דעם קליין גלע־זעלע שנאפס. „לחיים, גאט זאל געבען ישועות און נחמות אויף אידען!" „לחיים טובים ולשלום!" ענטפערט דער צווייטער איד אויפהויבענדיג זיינע אויגען צום הימעל און זאגט ווייטער מיט אן אוטא־מאטישען זיפץ: „יא שוין צייט, אז גאט זאל שוין זיך ערבארעמען אויף אונז און טאקי פערגרינגערען אביסעל דעם גלות און געבען אונז ישועות ונחמות.

ארימע, גלות קינדער, וויא ארים און קליין זיינען אייערע פערלאנגען, און וויא ניעדעריג זיינען אייערע השגות: „ישועות" און „נחמות" בעט איהר פער־

לייכטערען דעם גלות פערלאנגט איהר, אָבער פּטור ווערען אין גאנצען פון גלות אז איהר זאָלט קיין „ישועות ונחמות" ניט ברויכען אויף דעם האָט איהר קיין בעגריעף ניט!

אָ, קינדער פון דעם אוראַלטען פאָלק ישראל, וועלכער האָט שוין אַמאָל געלעבט איבער פופ־צעהן הונדערט יאָהר אין פּאָליטישען לעבען אין זיין אייגענע לאנד; אייניקלאך פון דיא גרויסע נביאים, דיא וועלט לעהרער, און פון דיא מכבים דיא גרויסע וועלט העלדען, האָט איהר ווען פּרובירט זיך זעלבסט אָפּגעבען איין רעכנונג וואס איז דאס „ישועות ונחמות"? וואס איז דאס אזוינס „גזירות טובות"? איז דאס אזעלכע געגענשטענדע וועלכע אלע נאציאנען ברויכען זיי? האָט איהר דען ווען געהערט אז קינדער פון אנדערע לעבעדיגע, נארמאלע נאציאנען זאָלען ווינשען איינער דעם צווייטען מיט „ישועות ונחמות"? ניין, נימאלס!

ווייסט איהר ווארום? ווייל דער וואונש פון „ישועות ונחמות" איז דער זעלבער וויא איינער זאָל ווינשען דעם צווייטען: „לחיים ברודער, גאָט זאָל דיר געבען גוטע זאלבען און רעצעפּטען, אויסגעצייכענטע פלאסטערס מיט קאָמפּרעסען!" שטעלט אייך פאָר וואס דער צווייטער וואָלט איהם ענטפערען

אויף דעם, ווייל זאלבען און רעצעפּטען ברויכען נור קראנקע; פּלאסטערס מיט קאָמפּרעסען זיינען נור גוט פיר געוועהנטאָגטע און קראנקע גליעדער; אָבער ניט פיר קיין געזונדע. דאס זעלבע איז מיט „גזירות טובות". זיי זיינען נור גוט פיר גלות־קינדער טרעמפּס און ארומוואנדערער, אָבער ניט פיר ריכטיגע בירגער פון א לאנד; „ישועות ונחמות" זיינען נור גוט פיר הילפלאָזע און טרויעריגע, דיא הילפלאָזע זוכען הילף „ישועות" און דיא טרויסטלאָזע פערלאנגען טרויסט „נחמות".

שוין באלד צוויי טויזענד יאהר, אז מיר ווינשען איינער דעם צווייטען דיא גייסטיגע פּלאסטערס און קאָמפּרעסען, „ישועות ונחמות". דאס הייסט מיט וועהטאָגען און קראנקהייטען זיינען מיר ברוך השם פערזארגט, צרות און רדיפות האָבען מיר פארפול, און דער גאנצער פערלאנג אונזערער איז, אז מיר זאָלען אָפּרוהען א ביסעלע, עטוואס פערלייכטערען אונזערע שמערצען, מיר זאָלען קענען לייכטער דעם גלות מיט זיינע צרות פערטראגען, א, וויא שרעקליך איז דער שיקזאל פון א פאָלק, וועלכער האָט בעלייכטעט דיא גאנצע וועלט און זאָל אזעלכע פינסטערע בעגריפען האָבען!

ווען איך הער אויף א שמחה וויא מיינע ברי־

דער ווינשען איינע דיא אנדערע „ישועות ונחמות״ קלעהר איך מיר אין הארצען : „רבונו של עולם גיעב שוין אמאָל דיין פאָלק ישראל אזא „ישועה״ א רעכטע, איין מאָל פיר אלע מאָל, אז זיי זאָלען שוין מעהר קיין „ישועות ונחמות״ ניט ברויכען, און עס איז שוין לאנג צייט אז מיט דיא „ישועות ונחמות״ דיא גייסטיגע פלאכטערס מיט קאָמפּרעסען זאָלסטו מזכה זיין דיא שונאי ישראל. און מיך וואלט זעהר פרעהען, ווען מיר זאָלען דערלעבען הערען וויא דייט־שע אנטיסעמיטען, רוסישע הוליגאנעס און רו־מענישע ליבעראלען (?) זאָלען פערלאנגען „ישועות ונחמות״ „גזירות טובות״ „גרינגען גלות״ און נאָך אזעלכע „מתנות טובות״ מיט וועלכע מיר האלטען זיך שוין איבער אכטצעהן הונדערט יאהר !״

* * *

אָבער ניט אזעלכע הילפע און טרויסט גיט אונז דער גרויסער פּראָפעט אין היינטיגע הפטרה ; אין זיינע טרויסטונגען פיהלען מיר ניט קיין גלות ריח ; ער גיט אונז ווירקליך דיא גרויסע „ישועה״ און דיא אמת׳ע „נחמה״ אז מיר זאָלען שוין מעהר קיין „ישועות ונחמות״ געברויכען.

„נחמו, נחמו עמי יאמר אלהים !״ „טרויסט, טרויסט מיין פאָלק זאָגט אייער גאָט !״ דאָס הייסט:

איהר קענט אנדערש ניט געטרויסט ווערען, נור אז איהר זאָלט זיך רופען מיט דעם נאָמען „פאָלק" — עם —און פאָדערען אלעס וואס א פאָלק ברויכט און דאָס איז: „דברו אל לב ירושלים וקראו אליה". דאס מיינט: איהר מוזט ריידען צום הארצען, צו דיא געפיהלען, ווייל דער נאציאָנאלער גייסט ליעגט נור אין הארצען, דאָס איז פון דיא „דברים המסורים אל הלב להרגש ולא אל הראש וההגיון", דאָס איז פון דיא געגענשטענדע וואָס בעלאנגען צו דאָס הארץ מיט דעם געפיהל און ניט צו קיין קאָפּ מיט דער טרוקענער לאָגיק און דאָס מוזט איהר הערען דעם:

„קול קורא „במדבר" פנו דרך ד' ישרו „בערבה" מסלה לאלהינו כל גיא ינשא, וכל הר וגבעה ישפלו והיה העקב למשור והרכסים לבקעה, ונגלה כבוד ד' וראו כל בשר יחדו, כי פי ד' דבר".

„דיא שטימע רופט: אין דער ווילדערניש מוזט איהר גאַנץ וועג מאכען, אין דער וויסטע — גאַנץ שטעג; יעדער טהאָל וועט ערהויבען ווערען, און יעדער בארג און היגעל וועלען זיך ערניעדערען, דיא קרומע וועגען וועלען גלייך ווערען און גאַנץ עהרע וועט זיך ענטדעקען, און אלע קערפּערליכע וועלען זיך איבערצייגען אז גאָט האָט אזוי געשפּראָכען".

עס איז וואהר, דיא קאלטע לאָגיק געפינט וויס־

טענעש און ווילדערנעש (מדבר וערבה) אין אונזער לאנד, היגדערניסע, בערג און טהאלען אין דיא מענש־ליכע געזעלשאפט, אבער דיא אלטע הינדערניסע מוזען פערשוואונדען ווערען און גאטס ווארט מוז שטאטפינ־דען „ודבר אלהינו יקום לעולם".

און דאס איז דיא וואהרע „נחמה" פיר אונזער פאלק, און אין אונזער דור האט זיא אנגעפאנגען פער־ווירקליכט צו ווערען; מיט צוואנציג יאהר בעפאר האבען מיר זיך ניט געריכט צו זעהן אין אונזער לאנד וואס מיר זעהען היינט, און מיט פרייד קענען מיר פראקלאמירען: „נחמו, נחמו עמי יאמר אלהיכם"!



# עקב

## א געשפרעך מיט אן עגונה: איהר שיקזאל; און דאָס לעבען פון איהרע עלענדע קינדער אין דער פרעמד אָהן א היים.

---

**ותאמר ציון עזבני ד׳ וד׳ שכחני,**

רנו שמים, גילי ארץ, פצחו הרים רנה, למה ? כי נחם ד׳ עמו ועניו ירחם, כי נחם ד׳ ציון אין כתיב כאן, אלא כיון שראתה ציון שהגליות מתכנסות וכל ישראל והשמים והארץ שמחים להם והיא איננה נזכרת תחלה, התחילה אומרת: „עזבני ד׳ וד׳ שכחני!" אמר לה הקב"ה יש חפה שאין לה כלה ? שאי סביב עיניך וראי כלם נקבצו באי לך, חי אני נאום ד׳, כי כלם כעדי תלבשי ותקשרים ככלה". —

(פסקתא רבתי)

אומגליקליך זיינען דיא גרושות. נאך אומגליק־ליכער זיינען דיא אלמנות, זייער לעבען איז שרעקליך און ביטער, אבער גרויזאמער און טרויעריגער איז דאס לעבען פון דער ארימער פערלאזענער „עגונה" וועלכע היינגט אין לופט צווישען שרעק און האפענונג, ער־

ווארטונג און פערצווייפלונג דיעזע ניט ערפילטע האָפ־נונג ציהט ארויס איהר הארצענס בלוט וויא א פיאוו־קע: זיא ווערט טעגליך פערוועלקט וויא א בלום, און זיא ווערט געטראָטען אונטער דיא פיס פון אומווירדי־גע מענשען.

אלע אומגליקען פון דער וועלט; אלע שרעקליכע צופעלע, ארמוט, קראנקהייט, נויט, מאנגעל און הונגער אלע צוזאמען מאכען אונז נאך ניט קיין אנפאנג פון דעם בעגריף פון דיזען אומגליקליכען נפש וועלכע רופט זיך מיט דעם שרעקליכען נאמען „עגונה“.

און דיעזער גרויסער אומגליק גיבט ניט ביי קיין אומה ולשון נור ביי אונז אידען!

---

פאהרענדיג אין א דאמפפער איבער דעם אטלאנ־טיק פון איירָאפּא נאך אמעריקא האב איך בעמערקט צווישען דיא הונדערטער רייזענדער איין בעיאהרטע פרוי, וועלכע האט נאך אין גאנצען ניט אנגעוואָ־רען דיא שפורען פון איהרע אמאליגע יונגע שיינקייט; זיא איז געזעסען איינזאם אפּגעזונדערט פון אלע פּא־סאזשירען און מיט זעהר א טרויעריגע' בליק געקוקט ווייט וייט אויף דעם ים, אפט האט זיא איין טיעפען זיפץ ארויסגעלאזען. און טרערען האבען געפלאָסען פון איהרע אויגען.

„ווער זייט איהר מאדאם ? וואס איז מיט אייך? ווארום זייט איהר אזוי טרויעריג ? " — האב איך איהר דיעזע פראגען געשטעלט.

„יא מיין הערר, איך דאנק. אייך פיר אייער אינטערעסירען זיך אין דער לאגע פון א פערלאסענע אונגליקליכע פרוי וויא איך בין. מיין נאמען איז יהודית איך בין א פינסטערע עגונה, א פערלאזענע פון מיין מאן שוין יאהרען לאנג; און אזוי וויא איהר זעהט מיך אזוי וואגעל איך זיך שוין יאהרען לאנג איבער דיא ימ'ען פון איין לאנד אין דער צווייטער, פון איין טהייל וועלט אין דער אנדערער אהנע רוהע איך צאהל פיר מיין רייזע גלייך מיט אלע רייזענדער מיך קאסט דיא פערשיעדענע האטעלס אין אלע לענדער מעהר ווי זיי אלעמען, און זיי וויא איהר זעהט לעבען און געניסען דאס לעבען מיט דעם פולען מאס, זיי עסען, טרינקען שפיעלען און זינגען און אמוזירען זיך און איך זיץ אבגעזונדערט אין א ווינקעל און בעדויער מיין פינסטערע לאגע און מיין שרעקליכען שיקזאל, דער שיקזאל פון א וויסטע עגונה"...

א שטראם טרערען האט פערפלייצט איהר געזיכט און זיא האט מעהר ניט געקענט ריידען.

„בערוהיגט זיך, מאדאם, האב איך איהר געטרויסט. מוטהיגט זיך און ענטפערט מיר אויף מיינע פראגען.

האט איהר קינדער? און אויב יא, וואו זיינען זיי?״

יא מיין העררְ, אט מיט דיא פראגען אייערע האט איהר בעריהרט מיינע שרעקליכע וואונדען; איך האב קינדער, און איך האב ניט, זיי זיינען אין ערגעץ ניטא, און זיי זיינען פול איבעראלל, איך האב געהאט זעהר שעהנע טעכטער אבער זיי זיינען ענטריסען פון מיר געווארען און פערווארפען געווארען אין ארגענטיניען און וואס איז פון זיי געווארען? פרעגט מיך ניט, דער וואונד איז צו גרויס... איך האב זעהר פיינע שטארקע זיהן געהאט, פייהיגע און בעליעבטע, און וואס איז פון זיי געווארען? הערט א סך־הכל פון זיי. עס איז שוידערהאפט, מאנכע פון זיי זיינען לאקייען אין פראנקרייך און יאגען נאך איבער מיט זייערע מאניערען און פאלשע שמייכלעריי דיא פראנצויזען אליין און עס איז אין זיי קיין שפור פון מיינע זיטען ניט פערבליעבען; דער גרעסטער טהייל פון זיי זיצען אין דעם פינסטערען רוסלאנד און טרינקען זיך אין טייכען בלוט אין וועלכע זיי האבען דעם גרעסטען טייל; מיט א פאר יאהר בעפאר האבען זיי זיך אין דער אומגעלומפערטער זאגענאנטער רעוואלוציאן אריין געווארפען מיט דעם גאנצען וואוט און נאך איבער גע־יאנט — וויא זייער שטייגער איז אימער — דיא אמת׳ע רוסען, און היינט וויא איהר ווייסט אז דיא

אייזערנע רעאקציאָן האָט זיך געשטאַרקט און דער־
שטיקט דיא אומגליקליכע ניט אויסגערעכענטע בעווע־
גונג, זיינען מיינע קינדער אויף פערשטומט געוואָרען
און זיצען אדער ליעגען רוהיג אין דער גרויסער טורמע
וועלכע רופט זיך רוסלאנד און קושען גאנץ רוהיג
און געמיהטליך דיא ריטער וועלכע האָבען זיי שטאַרק
געשמיסען. — נאך פיעל ערגער איז מיר צו איבער־
טראגען דיא שאנדע פון מאנכע זיהן מיינע וועלכע האָ־
בען זיך פערקויפט פיר אַ שטיקעל טרוקענעם ברויט
מיט אַ ביסעל ליגזען זופּ צו דיא פאַלשע מיסיאָנערען
אין ענגלאנד : עס איז מיר שוין לייכטער צו פערטראַ־
גען דעם שמערץ און דעם דלות, דעם ארמוטה און דעם
נויט דיא אונטערדריקונג און פערפאָלגונג פון מיינע
קינדער אין פערסיען און מאראָקאָ — ווייל ארמוט איז
קיין שאנדע וויא דיא נידעריגע לאקייסטווא אין
פראנקרייך און דיא פערדארבענע מיסיאָן דיא ענג־
לישע. . . — —

איהר זעהט — האָט זיא וויטער דערצעהלט —
דעם סך הכל פון מיין פאמיליע ? איהר פיהלט דעם
שמערץ פון אַ פערלאזענע ? איהר פערשטעהט גלויב
איך יעצט עטוואס פון דעם צער פון אַן עגונה וועלכע
דער מאן האָט איהר פערלאסען, און וואס עס ווערט
פון איהרע ליעבע שעהנע, בעשיידענע און פעהיגע זיהן

און טעכטער, ווען זיא האָט ניט קיין היים. זיא האָט ניט קיין בעשטימטען ארט וואו זיא זאָל זיי צוזאמען נעמען און מיט מוטער ליעבע צו בעשיצען". —

„ותאמר ציון עזבני ד׳ וד׳ שכחני?"

איך וויל גלויבען מיינע העררען אָדער מיינע געעהר־טע לעזער, אז איהר אלע, גאָר אָהן אן אויסנאהמע, דער־קענט דיא אָרימע אומגליקליכער „עגונה". איהר קענט איהר, איהר ווייסט איהר, ווייל זיא איז אייערע, און ניט קיינעמס...

זי, דיא פעריאמערטע עגונה, האָט זיך אפגערוהט א ביסעל און האָט ווידער אנגעפאנגען צו בעדויערען איהר שרעקליכען שיקזאל — „הערט נור ווייטער, מיינע צרות זיינען נאך ניט צום ענד: דיא לעצטע צייט האָב איך געהערט אז מאנכע פון מיינע געראַ־טענע פעהיגע זיהן זיינען ערהויבען געוואָרען גאָר הויך אין איטאליען. אין דיא פעראייניגטע שטאאטען אין אמעריקא זיינען זיי צו מיניסטארען און גענעראלען ערנאנט געווארען, גרויסע דיפלאָמאטען און טיכטינע העלדען זיינען זיי „דיא הימלען באזינגען זיי, און דיא ערד פרעהט זיך מיט זייער גרויסקייט, גאָט האָט זיי געטרויסט און דער אלמעכטינער האָט זיך אויף זיי ערבארעמט" און דאָ קומט ערשט מיין אייבינע פראגע: „און וואו בין איך?"

„כי נחם ד׳ עמו, כי נחם ד׳ ציון אין
כתיב כאן... עזבני ד׳ וד׳ שכחני!"

„מיינע קינדער ווערען וואו ניט וואו געטרויסט זיי ווערען ערהויבען, אָבער וואו בין איך? „עזבני, שכחני!" איך בין פערלאָסען און פערגעסען! מיינע קינדער, ארבייטען פיר פרעמדע פעלקער זיי שפּרעכען פרעמדע שפּראַכען, און וואו בין איך? און וואו איז מיין שפּראַך? וואו איז מיין ליטעראַטור?...

און דיא גאָטהייט ענטפערט דורך זיין פּראָפעט:

„שאי סביב עיניך וראי כלם נקבצו באו
לך חי אני נאום ד׳, כי כלם כעדי תלבשי ותקשרים
ככלה אמר לה הקב"ה יש חפה שאין לה כלה?"

זיי ניט פערצווייפעלט ארימע פרוי, הויב אויף דיינע אויגען און קוק טיעפער, בליק ווייטער, וועסטו זעהן וויא ביסלעכווייס קלייבען זיך דיינע אויסגעצייכענטע קינדער ארום דיר און דו וועסט זיך ווידער בעפּוצען מיט זיי וויא א כלה מיט איהרע ציערונג, דיא חופּה איז שוין גרייט, און קיין חופּה אָהנע כלה גיבט ניט, מוטהיג זיך אָרימע, שטעה אויף פערלאָסענע קוק ווייטער, בליק טיעפער, וועסטו זעהן דיין הילף איז נאָהענט!



# ר א ה

„כי עם קדוש אתה לד׳ אלהיך ובך בחר
ד׳ להיות לו לעם סגולה מכל העמים, אשר
על פני האדמה. לא תאכל כל תועבה“.
(דברים י״ד. ב. ג.)

„מי יתן טהור מטמא?“ (איוב י״ד).

אונזער נאציאָנאלער לאנג לעבען אין כלל וועל־
כער איז פיעל מעהר פון אלע אלטע נאציאָנען, און דיא
אריכת ימים פון יעדער אידען בפרט אין אלע אונזערע
גלות לענדער; אונזער זעלטענער „כח הסבל“, אויס־
האלטונגס־קראפט אין פערשידענע שרעקליכע פעריאָ־
דען; אונזערע בעוואוסטע מעלות און יתרונות מיט
וועלכע מיר צייכענען זיך אויס אויף דעם פעלד פון
וויסענשאפט; אונזער געמיטהליכער רוהיגער פאַ־
מיליען לעבען מיט וועלכען מיר האָבען זיך אויסגע־
צייכענט אין אלע צייטען און אין אלע לענדער; אונ־
זער ניכטערקייט און וויינינג אכזריות מיט בלוט־פער־
גיסונגען געגען אלע נאציאָנען, — אַט דאָס אלעס ליגט
נור אין דעם בעפעהל, פון „לא תאכל כל תועבה“
„דוא זאָלסט ניט עסען קיינע אבשייליכקייט“, ווייל
דאָס עסען און דער עסער איז איינס און דאָס זעלבע;

און דער מענש איז דאָס וואס ער עסט. „ומי יתן טהור מטמא?" און ווער קען ארויסגעבען ריינע פון אומריינע?...

**„להבדיל בין הטמא והטהור ובין החיה הנאכלת ובין החיה, אשר לא תאכל".**

רבי צבי הירש קאלישער, דער ערשטער ציוניסט, האָט זעהר גוט בעמערקט אין זיין קאמענטאר אויף חומש אז דיא תורה רופט אָן דיא צוויי סאָרטען חיות און בהמות כשרה'ע און טריפה'נע מיט דעם נאָמען „טמאים וטהורים", נאָך אין דער פרשה נח ביי דעם מבול, בעפאָר עס איז נאָך פערוועהרט געוואָרען צום עסען, ווייל דיא טמאים זיינען מטמא דעם וואָס עסט זיי, פערגיפטען זיין בלוט און פערשמוצען זיין כאראקטער און דיא כונה ליגט אין דיא ווערטער „אל תשקצו את נפשותיכם בכל השרץ הרומש על הארץ" „פערשמוצט ניט אייערע זעעלען מיט דיא שמוציגע בעשעפעניש וועלכע עס קריכט ארום אויף דער ערד".

דיא צוויי „סימני טהרה", צייכענס פון ריינליכ־קייט, „מפריסי פרסה ומעלי גרה" צושפּאָלטענע טריט פון דיא פיס און איבערקייען דאָס עסען, צייגען אויף דעם מילדען כאראקטער פון די סאָרט חיות און בהמות, וועלכע עסען נור גראָז און פערגיסען ניט קיין בלוט,

זייער פלייש פערדארבט ניט דעם כאראקטער פון דעם וועלכער עסט זיי; דאָס זעלבע איז אויך מיט דיא צוויי סמנים פון „סנפיר וקשקשת", ביי דיא פיש. דיא פיש וועלכע האָבען דיעזע שופּען אויף זייער קערפּער און דיא פעדערלאך אויף זייערע זייטען זיינען ריין און מילד, אָבער ניט אזוי איז מיט יענע פיש וועלכע האָבען דאָס ניט, זיי קענען לעבען פיעל צייט אויך אויף דער יבשה, און זיינען בלוט־דורשטיג, זיי בעפאלען מאנכעס מאָל ניט נור דיא פיש אין וואסער נור אויך זייערדיגע טהירע (בעלי חיים היונקים) אויף דער יבשה.

אין דער שטאָדט כארקאָוו אין רוסלאנד זיינען פיעלע צעהנדליגע קריסטליכע פאמיליען פערגיפטעט געוואָרען פון עסען שלעכטע פיש, דאָס האָט געמאכט א רעש אין יענער צייט, אין דיא אכטציגע יאָהרען פון דעם נייצעהנטען יאָהרהונדערט; און דער גרויסער געלעהרטער מעדיצינישער פּראָפעסאָר ווירכאָוו פון דייטשלאנד צוזאמען מיט דעם רוסישען בעוואוסטען פּראָפעסאָר פעריגאָף האָבען געמאכט א ריכטיגע אונטערזוכונג, אוןביידע גרויסע אויטאָריטעטען האָבען בעשטעטיגט, אז דיא סאָרט פערגיפטונג קען נור זיין אין דעם סאָרט פיש וועלכע האָבען ניט קיין „סנפיר וקשקשת". אין א גרויסען ארטיקעל וועלכער איז אי־

בערזעצט געוואָרען אין פערשידענע שפּראכען און גע־
דרוקט געוואָרען דאמאָלס אין זעהר פיעלע צייטונגען
האָבען דיא צוויי געלעהרטע בעוואונדערט דיזע הויפּט
סמנים פון מאכלות אסורות אין תורת משה וועלכע איז
ערשיענען מיט איבער דריי טויזענד יאָהר צוריק.

מען ברויכט ניט זיין א גרויסער עסטעטיקער צו
זעהן דעם אונטערשיעד פון דיא חיות אָדער בהמות
טהורות און טמאות, ריינע און אומריינע; דיא ערשטע
זיינען שעהן, ריין און מילד. און דיא צווייטע —
עקעלהאפט, אומריין און ווילד. עס איז גענוג אוועק־
צושטעלען אין פאראלעל דעם הירש מיט דעם
ווילדען שוויין, און דאָס זעלבע איז אויך מיט דיא
עופות און דיא פיש.

נאָך דיא אלע בעטראכטונגען ערוועקט זיך ביי
אונז אידען געפיהלען פון נאציאָנאלען שטאָלץ, ווען
מיר היטען אָפּ דיא דינים פון דיא מאכלות אסורות;
און עס פערדריסט אונז אויף דעם רעפאָרם גייסט,
וועלכען עס איז געווען וויניג דורך צו לופטערן דעם
סידור התפלה און ארויסוואַרפען פון דיא אלע תפלות
דיא נאציאָנאלע האָפנונגען און שטרעבונגען צום ווי־
דערלעבען; עס איז איהם וויניג געווען צו ענטזאגען
זיך פון דער הייליגער שעהנער שפּראך, האָבען נאָך
זיינע אנהייננגער אויך אין קיך ארייננעשפּארט זיך און

אויסגעראמט דיא טראדיציאָנעלע כשרה'ע מאכלים, און האָבען פעראומרייניגט דעם טיש, וועלכער איז ביי דעם אמת'ן אידען פערהייליגט וויא א מזבח, א הייליגער אלטאר, וועלכען ער וויל ניט בעריהרען מיט קיין אייזען, און ווען ער בענטשט נאך דעם עסען בעהאלט ער דיא מעסערם — כי חרבך הנפת עליה ותחללה.

יא, וויא שעהן און ערהאבען איז דער אלטער טראדיציאָנעלער יודענטהום, אזוי איז זעהר שענדליך און פערברעכעריש ווען מען צערשטערט איהם מיט ניט אויסגערעכענטע רעפאָרמען און מען פערניכטעט זיינע הויכע ערהאבענע פרינציפען. רעליגיאָן איז א קינד פון דער טראדיציאָן — מסורת אבות — און ווען מען גראָבט אונטער דיא פונדאמענטען פון דעם טראדיציאָן קען דיא רעליגיאָן שוין ניט מעהר עקזיסטירען, און דיא אלע געקינסטעלטע מיטלען וויא פּאָעטישע פראזען און אויסגעקלערטע מיסיאָנען קענען איהר ניט אונטערהאלטען, זיא ווערט אָן איהר פלאטפאָרם און ווערט פערניכטעט.

**רעפאָרמער, עס איז שוין צייט איהר זאָלט רעפאָרמירען דיא רעפאָרם!...**

זעהר א שעהנעם גוטען וואָרט האָט געזאָגט דער בעריהמטער אידישער דרשן, רבי צבי הירש דיינאוו,

אז יעדער איד מוז האבען דיא צוויי „סימני־טהרה״ ; ער ברויכט צו זיין א „מפריס פרסה״, דאס מיינט ער טאר ניט שטעהן אויף איין ארט, ער מוז אימער געהן פארווערטס און מאכען פארשריטע, ווייל דאס איז דער צוועק פון דאס וואהרע יודענטהום מיטצושטימען מיט דער קולטור און ציוויליזאציאן ; אבער דאס אליין איז ווייניג, ער מוז אויך זיין א „מעלה גרה״ ; ער מוז זיין אויך אין דער זעלבער צייט קאנסערוואטיוו איבערקייען דיא אלטע, וויסען און שטודירען דיא אלטע ליטעראטור, היטען דיא פרינציפען און דיא געזעצע פון דער אלטער טראדיציאן צו עהרען און שעצען דיא מסורת אבות, האט איז ער א פאלקאמער איד און מענש צוזאמען ; אבער ניט אזוי איז מיט דעם אידען וועלכער איז בלויז א „מעלה גרה״ ער קייט נור איבער דיא אלטע, און פון פארשריט און פראגרעס וויל ער גאר ניט וויסען ; איהם קען מען אנ־רופען מיט דעם נאמען וויא דיא תורה האט איהם גע־נעבען ער איז א קאמעל — „את הגמל, כי מעלה גרה הוא ופרסה איננו מפריס טמא הוא לכם״, „דער קאמעל וועלכער קייעט איבער זיין עסען אבער זיין טריט איז ניט צוטהיילט אויף צווייען איז ער טמא כיר אייך״. נאך ערגער איז אבער מיט יענעם וועלכער האט דעם צווייטען סימן טהרה ער איז א „מפריס־פרסה״, ער האלט אין איין געהן פארווערטס, און

קיין „מעלה גרה“ איז ער גאָר ניט, דאָס הייסט ער וויל פון דיא אלטע טראַדיציאָן, רעליגיאָן און נאציאָנאלע געפיהלען גאָר ניט וויסען, אויף איהם האָט דיא תורה געזאָגט דיזע ווערטער: „ואת החזיר, כי מפריס פרסה הוא, ושוסע שסע פרסה והוא גרה לא יגר טמא הוא לכם“. דאָס הייסט צופיעל ראַדיקאל אָהן א שום קאָנסערוואטיווען גייסט, ער וויל פון דיא אלטע גייסטיגע אוצרות גאָר ניט וויסען; ער איז נים בעסער און פיעלייכט נאָך ערגער פון דעם גמל, ער איז א „מפריס פרסה“ און מעהר גאָר ניט.

יא, גליקליך איז דער וועלכער קען און פערשטעהט וויא צו געהן אין דעם „שביל הזהב“ דעם גאָלדענעם מיטעל וועג, צו האָבען אין זיך ווירקליך דיא ביידע „סימני טהרה“, זיין א פאָרטגעשריטענער און אין דער זעלבער צייט א פערעהרער און א נאָכפאָלגער פון דיא „קנינים הרוחנים“, דיא טראַדיציאָנעלע אוצרות וועלכע מיר האָבען גע׳ירש׳נט פון דור־דורות, דאן איז ער זיכער אז זיין קערפער וועט זיין גאַנץ פריש, ריין, און געזונד, און זיין נשמה אויפריכטיג, זויבער און ערהאבען. און דאָס איז געווען דער אידעאל פון דעם גרעסטען אידישען דיינקער און פילאָזאָף וועלכער האָט ווירקליך בעזעסען דיא צוויי „סימני טהרה“,

רבנו משה בן מימון, וועלכען ער האט אויסגעדריקט אין אלע זיינע געטליכע ווערקען, אז דער איד ברויכט צו נעהן אין דעם „שביל הזהב" מיט דעם אלטען כלל פון קהלת: „אל תהי צדיק הרבה ואל תתחכם יותר למה תשומם; אל תרשע הרבה ואל תהי סכל למה תמות בלי עתך; טוב אשר תאחוז בזה וגם מזה אל תנח את ידך, כי ירא אלהים יצא את כלם".



# שופטים

אמאל און היינט. — דער ריכטיגער פרומער רע־
פובליקאנער גייסט ביים איד שען פאלק אמאל;
און דער ניעדעריגער שקלאפישער אונטער־
טהעניגער גייסט היינט.

---

## דיא ריכטיגע רפואה.

„שופטים ושוטרים תתן לך בכל שעריך, אשר
ד' אלהיך נותן לך לשבטיך, ושפטו את העם
משפט צדק". (דברים ט"ז יח.)

„התנערי מעפר כדא תרנגלתא
דמתנערת מן קטמא".
(מדרש רבה)

איהר זעהט מיר זיינען אמאל אויך געוועזן מיט
לייטען צוגלייך! נאך מיט וועלכע לייט! ניט מיט
דיא וועלכע בייגען איין זייערע קעפ פיר זייערע הער־
שער און לאזען זיי אויף זיך רייטען; נור מיט דיא
לייטע וועלכע רעגירען זיך זעלבסט און קלייבען אויס
פון זייערע אייגענע מענשען דיא ריכטער מיט די פאָ־
ליציי; אונזער היילינגע קאנסטיטוציאָן גאָר אם אנ־
פאנג, נאך בעפאר מיר זיינען אין אונזער לאנד אריין
האָט אונז שוין אָנגעזאָגט: „שופטים ושוטרים

תתן לך", „ריכטער און פאליציי זאלסטו זיך אליין אויסקלייבען; ניט זיי זאלען בעשטעטיגט ווערען פון דער הויף און דוא זאלסט מוזען ניט ווילענדיג זיי געהארכזאם זיין. „רעגיר זיך זעלבסט!" דאס איז דער עקסטראקט פון דעם אמת'ן רעפובליקאנער גייסט, ניט דיא רעגיערונג זאל געוועלטיגען אויף דעם פאלק, נור דאס פאלק זאל האבען דיא מאכט איבער דער רעגיערונג, דאס איז דיא ריכטיגע בעדייטונג פון דיא אייניגע ווערטער: „שופטים ושוטרים תתן לך!"

יא, דער אורשפרונג פון אונזער נאציאנאלען לע-בען מיט איבער דריי טויזענד יאהר בעפאר איז געוועזן א געזונטער, ריינער ליבעראלער; דיא יסודות פון אונ-זער ממשלה; דיא פרינציפען פון אונזער תורה זיי-נען רעפובליקאנישע, וויא עס פאסט פאר א לעבענדי-געם פאלק, א געזונטע פאלק, וועלכע זיצט אויף זיין לאנד, אטהעמט זיין לופט, און טרינקט זיין וואסער פון זיין אייגענער ברונען . . . דיסציפלין און ארד-נונג אין אלע אינסטיטוציאנען, פרייהייט און גערעכ-טיגקייט אין אלע וועגען און אויפפיהרונגען, וויל דער ערשטער רעגירער, דער געטליכער געזעצגעבער האט דיא אלע גייסטיגע אוצרות פון רעפובליקאנישע פרינ-ציפען אריינגעלייגט און פערזיגעלט אין דעם פרייען

הייליגען בעפעהל, אין דעם נאָמען פון גאָט: „שופטים ושוטרים תתן לך!"

אָבער דאָס איז אלעם אמאָל, גאָר אמאָל געווען און היינט? היינט זיינען מיר גייסטיגע שקלאַפען געוואָרען, קיין געפיהל און קיין אונטערנעהמונג צו פּאָליטישען לעבען, מיר האָבען דעם כאראקטער פון דעם ריכטיגען וואנדערער, שלעפּער, וועלכע וואנדערן פון איין לאנד אין דער צווייטער, היינט דאָ און מאָר־גען דאָרט, און וואָס געהט אָן דעם וואנדערער, אויב עס איז אין דעם לאנד א רעפּובליקאנישע רעגיערונג אָדער אַן אויטאָקראטישע זעלבסטהערשענדע ממשלה? דער וואנדערער געניסט זאָ־וויא־זאָ ניט פון דער פרייי־הייט, וואָס איז איהם דער אונטערשיעד פון וועמען ער ווערט געהאסט און געשלאָגען, אונטערדריקט און פער־פאָלגט, פון קעניג אָדער פון פאָלק? שוין טויזענד אכט הונדערט און פערציג יאָהר, אז מיר זיינען אָפּ־געריסען געוואָרען פון אונזער לאנד, אָפּגעשטאָרבען פון פּאָליטישען לעבען, מיר זיינען געוואָרען וואנדע־רענדע גייסטער, נשמות אָהן גופים, ריחות אָהן קער־פּערס, וועלכע שוועבען אום איבעראל, אמאָל דאָ, און אמאָל דאָרט; מיר האָבען קיין צובונד צו דער מו־טער ערד וויא אלע גייסטער, וועלכע שוועבען אין דער לופט און ווארפען בלויז א שרעק אויף דיא איר־

דישע קינדער, וועלכע האבען קערפערס און זיינען צו־
געבונדען צו דער לאנד וואו זיי זיצען; מיר ברייג־
גען אויף זיך אליין האס, פיינדשאפט און פערפאלגונג
מיט אונזער וואנדערן; ווייל פאר גייסטער, רוחות,
נאקעטע נשמות שרעקען זיך אלע מענשען־קינדער פון
אייביג אן, זייט דיא וועלט עקסיסטירט; דער שרעק
איז זעהר אן אלטער, אן איינגעווארצעלטער אין דער
גאנצער מענשהייט, און בפרט ווען זיי זעהען דיא
גייסטער צווישען זיך, ארום זיך, און אמאל זאגאר
איבער זיך . . . גייסטער אין מענשען געשטאלט,
גאר אזוי וויא מענשען; זיי עסען, טרינקען, פער־
מעהרען זיך, ווינטער צייט אין דיא שטעדט, פול אין
אלע געשעפטען און בעשעפטיגען זיך אין זומער צייט
אין אלע זומער פלעצער, ביי דיא ברעגעס פון דיא
ים'ען, אויף דיא הויכע בערג, און דיא אריסטאקרא־
טישע האטעלען . . . איבעראל וואו נאר דיא נאטיר־
ליכע קערפערליכע מענשען קינדער, דיא בעלי־ גופ'ען
געפינען זיך, זעהען זיי דיא גייסטער אין מענשען גע־
שטאלט און שרעקען זיך פיר זיי און שרעק רופט ארויס
האס, שנאה, קנאה און רדיפות.

עס גיעבט זאגאר מאנכעס מאל אז דיא בעלי־
גופים בעקענען זיך מיט וועלכען עס איז גייסט אין
מענשען־געשטאלט, אנערקענען זיינע גייסטליכע פיי־

הינקייט בעקומען איהם ליעב פיר זיין פליסיגקייט, און נעהמען איהם אריין צו זיך אינעווייניג, זיי זעצען איהם אוועק גאָר אויבען אָן, צווישען זייערע פיהרער און ער ווערט גאָר א גאנצער מיניסטער מיט זיי צוגלייך, דאָס איז אָבער אן אויסנאהמע; אין פרט קענען זיי אמאָל אנערקענען אן אויסגעצייכענטען גייסט אויך, אָבער אין כלל, שרעקען זיך דיא בעלי־גופים פיר דיא גייסטער און פון שרעק קומט אלע צרות און אומגליקען . . .

אלע נאציאָנען אָהן אן אויסנאהמע האָבען פיינד איינער דיא אנדערע, עס איז נאָך זעהר וויט דיא צייט ווען ליעבע וועט הערשען אויף דער וועלט, אָבער אלע אנדערע פעלקער עהרען איינער דעם צווייטען, זיי רעספעקטירען איינער דעם צווייטענס געפיהלען, ווייל זיי זיינען אלע בעלי גופים, אלע קערפערליכע, צוגעבונדענע צו זייערע לענדער, זיי פליהען ניט אין דער לופטען, זיי בייטען ניט זייערע ערטער, זיי לעבען נאָרמאל, זיי ריידען יעדערער זיין שפראך, זיי ערציהען זיך אויף זייער אייגענעם באָדען, אונטער דער אייגענער קולטור און לעבענס־פאָרם, זיי נעהמען צו איינער דעם אנדערן אלס אורחים, אלס געסט, היינט קומט דער ענגלענדער צום רוס, און מאָרגען וועט קומען דער רוס צום ענגלענדער; היינט בעזוכט

דער דייטש דעם איטאליענער, און מארגען וועט דער צווייטער אבגעבען צוריק א וויזיט דעם ערשטען; און אויב ניט עהרע, איז פשוט פאר מורא; זיי האבען מורא איינער פיר דעם אנדערן. א בעל גוף, א לעבעדיגער מענש מיט א קערפער קען אמאל געבען א קערפערליכען קלאפ, ווען מען ריהרט איהם אן אדער מען איז איהם פוגע אין זיין כבוד; מיט איין ווארט, זיי רעספעקטירען און פירכטען איינער פארן אנדערן, און דאס איז געגוג פיר זייער עקזיסטענץ, זיי זאלען איינער דעם אנדערען ניט איינשלינגען.

ניט אזוי אבער פיהרט מען זיך מיט א פראפעסיאנעלען שנארער, וועלכער קומט נור צו מיר אין הויז, און איך קען צו איהם קיינמאל ניט קומען, ווייל ער האט קיין הויז, אזא בריאה ווערט ניט רעספעקטירט און ניט געפירכטעט, ער ווערט געטריעבען פון איין הויז צום צווייטען ביז ער געהט צום גרונד.

דער אמעריקאנער בעריהמטער סאטיריקער מארק טוויין, אין איינעם פון זיינע שריפטען, שטראפט אונז, אידען, מיר זאלען אפטרייסלען פון זיך דעם גלות שטוב און היער אין דער פרייער לאנד זאלען מיר זיך נעהמען אביסעל שטארקער צו פאליטיק; ער שטעלט אזוי פאר דיא צובראכענקייט פון דעם אידי־

שען פאָליטישען גייסט. אין גאַליציען האָבען פויע־
רים געמאַכט א פאָגראָם אויף אַ אידען, מען האָט צו־
רויבט פאָלקאָמען וואָס עס איז געווען אין זיין הויז,
און דיא הויז האָט מען אויך פערברענט. שטעהט דער
איד נעביך, און קלאָגט און יאָמערט אויף זיין שרעק־
ליכען אומגליק, און אין זיין טרויעריגען מאָנאָלאָג בע־
קלאָגט ער זיך: „הלוואי וואָלטען זיי צוגענומען מיין
רעכט אין דעם וואהל (עלעקשען) טאָג: איך זאָל ניט
האָבען קיין רעכט צו געבען מיין שטימע, וואָלט איך
בעפרייט ווערען פון מיינע יעהרליכע עלעקשען צרות.
האלט איך מיט דיא פּאָליאקען, שלאָגען מיך דיא
דייטשען, גיב איך מיין שטימע פיר דיא דייטשען,
פערפאָלגען מיך דיא פּאָליאקען!“

„לערענט זיך אברהם׳ס קינדער, פּאָליטיק פון דיא
איירישע לייטע אין אמעריקא, זיי זיינען אויך פער־
פאָלגט אין זייער איינענע לאנד, אָבער זיי פערשטעהען
ווי צו בענוצען זיך מיט זייער פּאָליטישע מאכט דאָרט,
וואו זיי זיינען; לערענט זיך וויא צו אָרגאניזירען
זיך זעלבסט, דאן וועט איהר פערבעסערען אייער לאגע
אין דער גאנצער וועלט“, — שרייט אוים צו אונז דער
אמעריקאנער ליטעראט.

און אונזער איינענער אלטער ליטעראט אין
מדרש ערקלעהרט אונז נאָך בעסער און פיעל ריכטי־

גער, וואָס מיר האָבען צו טאָהן. ער שטעלט אונז פאָר זעהר קורץ אָבער שאַרף א בילד, וויא א הוהן זיצט זיך איינגעגראָבען איהר גאנצען קערפער אין א בארג פון אש, פרופט נאָר ארויסנעהמען דיא הוהן און אָפּרייניגען איהר קערפער פון דעם אש וועט איהר זיך איבערצייגען אז עס איז אונמעגליך. איהר וועט זיך זעלבסט פערשמירען און פערשמוצען אלע אייערע קליידער און דיא הוהן וועט בלייבען שמוציגער נאָך וויא זיא איז געוועזן זיצענדיג אויף איהר אָרט; האָט איהר אָבער וועז ביגעוואָה:ט וויא די הוהן אליין, הויבט זיך אויף און גיט זיך זעלבסט א טרייסעל פון דיא אש, דאַן ווערט זיא זויבער און ריין פאָלקאָמען, וייל אין איהר אייגענעם טרייסעל ליעגט דיא קראפט פון הלל׳ס וואָרט: „אם אין אני לי מי לי" אָדער דער אמעריקאנער „העלפ יור סעלף"; דאָס לערנט אונז דער מדרש אין היינטיגע הפטרה

„התנערי מעפר כדא תרנגלתא
דמתנערת מן קטמא"

„טרייסעלט זיך אָפּ, גלות פאָלק, פון דיין גלות שטויב און אש, וויא דיא הוהן וועלכע טרייסעלט זיך זעלבסט אָפּ פון אש". אומגליקליך ביסטו, ווען אנדערע בעלי גופים טרייסלען דיר. זיי פערשמירען זיך זעלבסט און דו בלייבסט אין דעם זעלבען שמוץ. העלף זיך

זעלבסט, טהו ארויף א קערפּער אויף דיין גייסט, דו זאָלסט ניט זיין היימלאָז, וועלען זיך דיא אלע פעלקער ניט שרעקען פיר דיר וויא פאר א גייסט, דו וועסט לע־בען א נאָרמאלען לעבען און דאן „שופטים ושוטרים תתן לך"...



# כי תצא

לא תראה את שור אחיך או את שיו
נדחים והתעלמת מהם ?! השב תשיבם לאחיך
(דברים כ"ב, א.)

---

לא תראה את חמור אחיך או שורו נפלים
בדרך והתעלמת מהם ?! הקם תקים עמו
(דברים כ"ב, ד.)

---

לא תראה את שור אחיך; מצות לא תעשה,
ולהלן הוא אומר: „כי תפגע", מצות עשה,
נמצינו למדין שהוא עובר על מצות עשה ועל
מצות לא תעשה. — „שור אחיך" אין לי אלא
שור אחיך שור אויבך מנין ? ת"ל „שור
אויבך" (שמות כ"ג) מכל מקום.
(ילקוט שמעוני).

---

לא תסגיר עבד אל אדוניו, אשר ינצל אליך
מעם אדוניו; עמך ישב בקרבך במקום אשר
יבחר באחד שעריך בטוב לו לא תוננו.
(דברים כ"ג טז. יז.)

עס איז ניט אנגענעהם צו זעהן איין מענש, מיט א מענשליכען געשטאלט גלייך מיט אונז, זאל זיך אומשלעפען, וואנדערען פון איין ארט צום צוויי־טען, היימלאז, ניעדערגעשלאגען, ליידענדיג קעלט און הונגער, פערשפאטעט און פעראכטעט איבעראל וואו ער שטעלט זיך צו אפרוהען; ניט ווילענדיג ערוועקט זיך אין אונז א געפיהל פון מיטלייד און רחמנות, און

מיר ווילען עטוואס טוהן פיר אזא אונגליקליכע בריאה, וועלכע איז געשטעמפעלט מיט די עקעלהאפטע נעמען וויא בעטלער, וואנדערער, און שנארער; אבער נאך מעהר ווערען מיר געריהרט ווען מיר זעהען אן אונ־גליקליכען וואנדערער, וועלכען מיר קענען און ווייסען זיין ביאגראפיא; מיר ווייסען אז אמאל אין זיינע יונגע יאהרען איז ער געווען א גליקליכער מענש, א גאנץ שעהנער בכבוד׳ער בעל הבית, ער האט אליין גוט געלעבט און האט געלאזען לעבען דעם צווייטען און היינט אויף דיא עלטערע יאהרען האט ער ניט וואו זיין קראנקען קאפ צו צושפארען; ער איז א פאלקאמענער נע׳ונד׳ניק, ער שלעפט זיך ארום פון איין שטאדט צו דער צווייטער. מיט אן איינגעבויגע־נעם קערפער, פון דעם גרויסען פאק צרות און ליידען וואס ער טראגט אויף זיך, וואו ער קומט ווערט ער גע־האסט און פערפאלגט, דיא יונגע לייט קענען איהם ניט פון אמאל אין זיינע גוטע יאהרען, זיי ווייסען מעהר ניט אז פון דער צייט אן וואס זיי געדיינקען איהם, איז ער א שלעפער א היימלאזער טרעמפ, וועל־כער האט אין ערגיץ ניט קיין מקום מנוחה, און ווען עס דערוועקט זיך שוין יא אמאל ביי זיי דער געפיהל פון רחמנות, גיבען זיי איהם עטוואס א נדבה, און שיקען איהם אוועק ווייטער; ער זאל זיי לאזען צו רוהע.

אזעלכע מחשבות און טרויעריגע געפיהלען פילען אָן אונזערע הערצער ווען מיר לערנען היינטיגע פרשה, וועלכע איז פול ניט נור מיט מענשען ליעבע זאָגאר מיט „צער בעלי חיים“, און מיר וואָלטען זיך ווינשען אז די ציוויליזירטע נאציאָנען פון דעם צוואנציגסטען יאָהר־הונדערט זאָלען זיך אזוי בעגעהן מיט זייערע מיט־מענשען וויא אונזער תורה האָט אונז געלעהרנט זיך צו בעגעהן מיט בהמות.

מיט טויזענדער יאָהרען צוריק האָט דער געטלי־כער געזעצגעבער בעפאָהלען דער אור־אלטער נאציאָן:

„דוא זאָלסט ניט זעהן דיין ברודערס אָקס אָדער זיין שאָף פערלאָזענע, פערבלאָנדזעטע און זיך מאכען ניט זעהענדיג, ניין! דוא מוזט זיי אומקעהרען צוריק צו דיין ברודער, און אויב ער איז ווייט פון דיר, אָדער דוא קענסט איהם ניט, דאן מוזטו זיי — דיא בהמות —אריינגעהמען צו זיך אין הויז און זיי זאָלען זיין ביי דיר, ביז דיין ברודער וועט זיך דערוויסען פון זיי, ועסטו איהם איבערגעבען“.

נאָך פיעל שטארקער ווערען מיר אָנגעזאָגט אין „משפטים“ מיט דיא ווערטער: „ווען דוא בעגעגענסט דעם אָקס פון דיין שונא אָדער זיין אייזעל בלאָנדזועט ארום מוזטו גלייך זיי אומקעהרען צו דיין פיינד“.

אָה, אלמעכטיגער, וויא שרעקליך דאָס איז אז

דער אלטער וועלט לעהרער, דער פאקעל־טרעגער פון ליכט, טוגענד און הומאניטעט, דער, וועלכער האט גע־לעהרענט דער וועלט רחמנות צו האבען אויף חיות און בהמות, מיט דיא ווערטער „ואספתו אל תוך ביתך“ „נעהם איהם — דעם אייזעל — אריין אין דיין הויז“, נעהט יעצט אליין ארום איבער דער גרויסער וועלט, פערשטויסען, פערלאזען, פערבלאנדזעט, און עס גע־פינט זיך ניט זאגאר ווער עס זאל איהם אין א הויז אריינגעהמען.

אה, יונגע פעלקער, נייע נאציאנען, בעגעהט זיך אם ווענינסטען מיט אייער אלטען לעהרער, וויא ער האט אייך אמאל געלערענט צו בעגעהן זיך מיט אלע לעבעדיגע ברואים; לאזט ניט זיינע קינדער בלאנדזען איבער דער גרויסער וועלט אהן און אבדאך, היימלאז, פערלאזען, הונגעריג אהן א שטיקעל ברויט. עסטרייך, דייטשלאנד און ענגלאנד דיא לענדער דורך וועלכע יעקב׳ס אייניקלאך דיא פלטים, דיא ארימע עמיגראנ־טען, מוזען זיך רעטען פון דעם בער׳ס לאפעס, פון דיא אנגעזייפטע שטריקלאך מיט די תליות, איהר, ציווי־ליזירטע לענדער, נעהמט צו ביי דיזע ארימע אנט־לאפענע דיא שארית הפליטה, דעם לעצטען פפעניג זייערען בלויז נור פיר׳ן דורכלאזען זיי דורך אייער לאנד, אבער אפשטעלען זיך ביי אייך אין לאנד צום

אויסרוהען, לאזט איהר זיי ניט, דיא ארימע קינדער פון דעם אלטען וועלט-לעהרער, וועלכער האט אייך געלעהרענט זאגאר אויף א פערבלאנדזעטע שעפעלע „ואספתו אל תוך ביתך!"

מיר אומגליקליכע גלות-קינדער וועלען לעזען דעם קומענדען שבת אין אלע אונזערע שוהלען אין אונזער אלטע תורה:

„לא תסגיר עבד אל אדוניו, אשר ינצל אליך מעם אדוניו; עמך ישב בקרבך במקום אשר יבחר באחד שעריך בטוב לו לא תוננו".

„גיעב ניט איבער קיין קנעכט צו זיין הערר וועלכער וויל זיך רעטען ביי דיר פון זיין הערר'ס הענד; מיט דיר זאל ער זיצען, אין דיין געזעלשאפט, אין דעם ארט וועלכען ער וועט פיר זיך אויסקלייבען אין איינע פון דיינע שטעדט וואו עס וועט איהם נור געפעלען, דוא זאלסט איהם ניט אפנארען".

און היינט אין דעם צוואנציגסטען יאהרהונדערט געפינען זיך לענדער, וואס מוזען עובר זיין אויף דעם הומאנישען בעפעהל, וואס אונזערע עלטערענס עלטערן האבען פראקלאמירט מיט איבער דריי טויזענד יאהר צוריק אין אונזער געטליכע תורה: „לא תסגיר עבד אל אדוניו".

עס איז ווירקליך ערשטוינט צו ווערען וויא גרוי־סע מענשען פון צוואנציגסטען יאהרהונדערט זאלען אזוי האנדלען און ניט פערשטעהן דעם אלף־בית פון פרייע האנדלונגען, אז מען טאר ניט איבערגעבען קיינע פרייהייטס קעמפפער אין דיא טיראנישע הענד וועלכע זיינען גרייט זיי צו פערניכטען. וויא בערעכע־נען זיי ניט אז דיא גרינדער פון אונזער פרייע רע־פובליק דזשארדזש וואשינגטאן און טהאמאס דזשע־פערסאן וואלטען אויך פערלאנגט געווארען פון דער ענגלישער רעגיערונג, מען זאל זיי ארויסגעבען אלס פערברעכער, ווען דיא אמעריקאנישע רעוואלוציאן וואלט דורכגעפאלען וויא דיא רוסישע.

אבער מיר טארען ניט ווערען צופיעל פעסימיס־טיש, דיא וועלט מוז געהן און זיא געהט פארווערטס, אונזער לעבען איז צו קורץ, און מיר קענען דאס ניט בעמערקען, ווייל דער פראגרעס געהט ניט מיט קיין גלייכע ליניע, ער מאכט זיגזאגען; ער געהט הין און צוריק, אבער דער סך הכל איז פראגרעס, אויב דיא וועלט פערשטעהט נאך יעצט ניט דיא ווערטה פון אונזער תורה מיט דיא נביאים, זיא האט נאך דיא „חיה" פון דעם מענשען ניט ארויסגעטריעבען און עס איז נאך רעכט ביי איהרע גרויסע מענשען צו אונטער־דריקען דיא פרייהייט און אונטערשטיצען דיא טיראַ־

ניי, צו העלפען דעם שטארקען און איבערגעבען דעם שוואכען אין זיינע הענד, צייגט עס נור אז דער גייסט פון דיא פראפעטען און זייערע אידעאלען האבען נאך פיר זיך זעהר פיעל ארבייט, צו אויפהויבען, לייטערען און ענטוויקלען דיא מענשהייט ביז עס וועט ערפילט ווערען דער וואונש פון דעם פרינץ פון די פראפעטען:
„לא ירעו ולא ישחיתו בכל הר קדשי, כי מלאה הארץ דעה את ד׳ כמים לים מכסים“.



# כי תבוא

## ישראל דער בעל תוכחה; דיא נאציאנאלע קללה; וואו דיא אידישע קרעפטען געהן אוועק; דיא טראגעדיע איז צו שטארק; מיר האבען אלעס און מיר האבען גאר ניט.

---

„בניך ובנותיך נתונים לעם אחר ועיניך רואות וכלות אליהם כל היום ואין לאל ידך!..“

ער געהט ניט ארויס פון מיין זינען, ער שטעהט א לעבעדיגער פאר מיינע אויגען, דער ארימער שכן אונזערער, אן איינגעבויגענער, א געלער וויא וואקס; קיין בלוטס־טראפען אין זיינע ליפען, נור א שעהנע פאר שווארצע אויגען האט ער פארמאגט מיט א הויכען שטערען; איך האב איהם נאך אלס קינד זעהר ליעב געהאט פיר זיין גוט־הארץ, וואס ער באריהרט ניט אפילו א פליעג אויפ'ן וואנט. „ישראל דער בעל תוכחה“ איז זיין נאמען געוועזען, זעהר א גרויסער ארימאן איז ער געוועזען, קיין ריכטיגען בעשטימטען וואהנונג האט ער ניעמאלס געהאט, נור

ער פלענט זיך וואו עס איז געפינען א שטיקעל אפרוה
אין א ווינקעל פון א חדר ביי'ן שכן'ס א שכן, דארט
איז ער זיך געזעסען גאנץ שטיל — ווען מען האט
איהם געלאזען זיצען — און האט זיך געראווענט, גע־
לערענט, חצות אפגעריכט, תהלים געזאגט, תעניתים
געפאסט. געגנוג צו עסען האט ער קיין מאל ניט
געהאט; שטענדיג פערצאגט, פעריאמערט, אימער
אויפ'ן חורבן געקלאגט וויא אן אמת'ער מתנגדישער
עהרליכער איד.

קיין בעשטימטע פרנסה פון וואס ער זאל ציהען
זיין חיונה האט ער ניט געהאט, מ'שטיינס געזאגט,
וויא פיעל דארף גאר אזא איד האבען צום לעבען?
ער אליין האט דאך מעהר וויא האלב פון זיין לע־
בען אין תעניתים פערבראכט; און זיינע קינדער?

זיינע קינדער האבען דאך אימער אין דער פרעמד
ביי פרעמדע מענשען געארבייט, און וואו זיי האבען
געארבייט, דארט האבען זיי געגעסען... מאנכעס מאל
פלעגען זיי עטוואס פיר דעם אלטען אויך ברייגגען...
און אזוי האט ער זיך דורכגעלעבט אין דלות, ענג־
שאפט, הונגער און מאנגעל, אבי איבערגעלעבט די
זינדיגע וועלט, וואס ברויכט אן עהרליכער איד
מעהר?

דעם צו־נאמען זיינעם „בעל תוכחה" האט ער

ניט אומזיסט בעקומען ; דאס איז ווירקליך געווען זיין יעהרליכער אינקאם ; זיין שטענדיגע הכנסה צוויי מאל אין יאהר ; צו דיאביידע תוכחות „בחקותי" און „כי תבא", דאן אין דיא צוויי שבתים איז ער געווען מורא׳דיג בעשעפטיגט. עפעס גאר ניט מיט זיינע שוואכע כחות פלעגט ער אומלויפען פון איין שוהל אין דער צווייטער, וואו מען פלעגט איהם אויפרופען צו דער תוכחה ; און בעגינען איז ער שוין געווען ביי דיא „ותיקין" שטיבעל און וויא ער האט נור דערהערט דעם שמש אויסגעשריי „יעמוד רבי ישראל ברבי יצחק" איז ער שוין אויף דער בימה געשטאנען און האט עולה לתורה געווען, און אויס־געהערט נעביך אלע, קללות פון „ארור אתה בעיר וארור אתה בשדה". ביז „והתמכרתם שם לאויביך לעבדים ולשפחות ואין קונה". אפגע־מאכט דיא צווייטע ברכה און גלייך פון „ותיקין נאך דער גרויסער שוהל, און ווייטער צו דער תוכחה, און פון דארט נאך אין דעם רב׳ס קלויז ביז ער פלעגט דורכמאכען אזוי היבש עטליכע שוהלען און פלעגט בעקומען פינף און צוואנציג רוסישע קאפ. פיר יע־דער תוכחה ; פיר דיא געלד פלעגט דער ארימער זיך מאכען א פאאר נייע שיך מיט א נייע וואטאווע קאפאטע ; פער׳דאגה׳ט זיך ביז דער אנדער תוכחה...

יאהר איין יאהר אוים האָט רבי ישראל בעל תוכחה אזוי געטהאָן און האָט זיך אזוי געלעבט זיין פינסטערען לעבען. איך בין עלטער געווארען, מיך האָט זעהר אינטערעסירט דער שיקזאל פון דיעזען אומגליקליכען בעל תוכחה. איך האָב שוין גוט פער־שטאנען וואס דיא תוכחה מיינט.

„רבונו של עולם — האָב איך אמאָל אויסגע־שריען מיט אלע מיינע קרעפטען אין דעם געגענוואַרט פון ישראל'ן מיט זיינע קינדער — וויא זיינען דאס מענשען אזוי נאריש, וויא לאָזט איהר, קינדער, דעם אלטען טאטען צונעהמען דיא תוכחות מיט דיא שרעקליכע קללות פון אזעלכע געזונטע אָפּגעפרעסענע גבאים? פאַר זיי וואלט ווירקליך געפּאסט אָט דיא אלע פלאגען פון די ביידע תוכחות! זעהט איהר וואס איהר טהוט! איהר גיט אוועק אייערע בעסטע יונגע קרעפטען פיר פרעמדע, איהר מאכט זיי רייך און גליקליך, און זיי בעצאָהלען אייך מיט דעם וואס זיי זיינען מכבד אייער ארימען פאָטער אויף זיינע אלטע יאהרען מיט צרות, תוכחות, קללות, גירושים און פאגראמען גאָר אָהן אויפהער!... איז ניט גלייבער איהר זאָלט זיך אלע צוזאמען נעהמען, און אייערע כחות וואס איהר פערשווענדעט פאר דיא פרעמדע ברוטאלע מערדער זאָלט איהר אויסניצען פיר זיך

זעלבסט, צו בעקומען פאר אייער אייגענע פאמיליע א ווינקעלע, א רוהיגען שטילען וואהנונג, און דיא תוכחות מיט אלע קללות לאזט איבער פיר זיי, פיר דיא גבאים, שלישי׳ם און שישי׳ם נעהמען זיי טו זאַ־ לען זיי האלטען דיא תוכחות אויף פיר זיך !"...

איהר קענט, דעם אלטען „בעל תוכחה" איהר ווייסט איהם גלייך מיט מיר, מיר זיינען אלע גאַר נאָהענטע מחתנים מיט איהם. דיא וועלט גבאים נעה־ מען צו אימער פיר זיך דיא אלע פעטע עליות, נור ווען עס קומט צו א תוכחה ; א גלות ; א קרייץ־צוג; א שווארצע מגפה ; א פאסטוכער גזירה ; פערגיפ־ טעטע ברינען ; א פאגראם ; א רעוואלוציאן ; א הוליגאנישע קאָנסטיטוציאן אדער א קאָנטרע רעוואַ־ לוציאן, און עקספראפיראציאן, אַט דאן הערען מיר א שטימע :

„יעמוד רבי ישראל ברבי יצחק !"

* * *

אבער דיא שרעקליכסטע קללה פון דער גאנצער תוכחה איז דיא מאַטאָ : בניך ובנותיך נתונים לעם אחר", דיא קללה איז ניט פיר דעם פרט נור פיר דער גאנצער נאציאן. דאס איז אונזער נאציאנאלער פלוך פון דער צייט וואס מיר זיינען ענטריסען גע־ ווארען פון אונזער לאנד.

אין דער גאנצער גלות־צייט האָבען מיר אוועקגע־
געבען אונזערע בעסטע פעהיגע קינדער צו פרעמדע
פעלקער, מיט אונזערע בעסטע קרעפטען האָבען זיך
אונזערע שונאים בענוצט, און מיר זיינען זעהר גוט
בעצאָהלט געווארען — מיט דער תוכחה.

זאגאר אונזערע גרויסע פילאזאפען, דיכטער און
שרייבער וויא ידידיה האלכסנדרוני, אָדער וויא זיי
רופען איהם פילון היהודי, בן מימון, הלוי און
גבירול האָבען אויך זייערע הייליגע ארבייט געמאכט
אין א פרעמדע שפראך און ווען עס זאָלען זיך ניט
געפינען קיינע איבערזעצער וואָלטען מיר צומאָל פון
זיי גאָר ניט געוואוסט.

פיעלע גרויסע פאָליטישע עקאָנאָמען און פינאנ־
סירען וויא דער אברבנאל און לוצאטו האָבען מיר
אוועק געגעבען צו פרעמדע פעלקער, און פיר אונז
האָבען זיי אבסאָלוט גאָר ניט געקענט טהאָן.

פיעלע אידישע ביליאנערען האלטען זיך נאך
היינט אונטער פרעמדע רעגיערונגען, פרעמדע נאציא־
נען מיט פרעמדע לענדער מיט זייערע ביליאנען, און
מיר לעזען דיא תוכחה מיט כונה.

„בניך ובנותיך נתונים לעם אחר ועיניך רואות
וכלות אליהם כל היום ואין לאל ידך !..“

„דיינע זיהן און דיינע טעכטער ווערען אוועקגעגעבען

צו א פרעמדעס פאָלק ; דיינע אויגען זעהען זייער אויסגעצייכענטע ארבייט — עס ציהט דיך צו זיי אימער, און דו קענסט גאָר ניט מאכען".

אָה ! וויא שרעקליך איז דיא טראגעדיע צו זעהן מיט אונזערע אויגען וויא מיר האָבען אלעס און מיר האָבען גאָר ניט ; מיר האָבען זאנאר א גרויסע ארמיי, זעהר א גרויסע מיליטערישע קראפט, פיעלייכט נאָך א גרעסערע ארמיי פון דיא פעראייניגטע שטאאטען, אָבער איבער הונדערט טויזענד מאן פון זיי געפינען זיך נור אין רוסלאנד אליין און ווען מען הייסט זיי מוזען זיי שלאָגען זייערע אייגענע עלטערען, ברידער און שוועסטער.

פיר וועמען האָבען זיי געזונגען אונזערע מאירבערס, אָפענבאכס, הלוי׳ס מענדעלסאָנס און רובינשטיינס ? ניט פיר אונז, נור פיר אן עם אחר.

און דער אָנפאנג פון דער תוכחה שטימט מיט דעם סוף : „ארור אתה בעיר וארור אתה בשדה" דו וועסט זיין פערשאָלטען אין שטאָדט און אין פעלד ; דו ווייסט ווארום ? ווייל „והתמכרתם שם לאויביך לעבדים ולשפחות ואין קונה".

„איהר וועט זיך זעלבסט איבערגעבען דארט אין גלות פיר קנעכט און פיר דיענסטען און קיינער וועט נאָך אייך ניט וועלען נעמען".

יא, כל זמן מיר ווען זיך זעלבסט פערשקלאפען צו פרעמדע, וועלען מיר קיינע פארשריטע ניט מא־כען ניט אין שטאדט און ניט אין פעלד, ווייל דער גלות וועט אונז פערפאלגען איבעראל; מיר מוזען זעלבסט בעוואוסט ווערען, אונזערע כחות וואס מיר גיעבען אפ פיר פרעמדע, מוזען מיר פיר זיך האל־טען, דאן וועלען מיר איבערלאזען דיא תוכחה פיר דיא וועלט־גבאים, און מיר וועלען ווערען בעלי בתים ביי אונז אין דער היים מיט לייטען צו גלייך.



# נצבים וילך

## א היילינע טראגעדיע; משה'ס זיגענען זיך מיט זיין פאלק; א טיעפער בליק אין דעם ווייטען צו־קונפט, א סגולה צום עקסיסטענץ.

---

„אתם נצבים: אימתי? כשתהיו אגודה אחת היום כלכם; בנוהג שבעולם: אדם נוטל אגדה אחת של קנים בבת אחת, שמא יוכל לשברם? ואלו אחת אחת אפילו תינוק יכל לשברם, וכן אתה מוצא שאין ישראל נגאלין עד שיהיו אגדה אחת".

(ילקוט שמעוני).

אין דיא גרויסע מדבריות פון מואב הארט ביי'ן בארג נבו, אויף יענעם זייט ירדן, געגענאיבער דיא שטאדט יריחו שטעהט דער הייליגער געזעצגעבער, דער אלטער־יונגער העלד, וועמעס גרויסע שעהנע קאפ איז באדעקט מיט לאנגע זילבער־ווייסע לאקען און זיינע אויגען לייכטען וויא צוויי שיינענדע שטערען, ער שטעהט און ווארפט זיינע דורכדרינגענדע בליקען אויף זיין ניי־בעשאפענע פאלק — ישראל'ס קינדער—

אום צו זעגענען זיך מיט זיי. ער ווייס שוין אז זיין ענדע קומט באלד, ער וועט זיי איבערלאזען וויא יתומים אין דיא הענד פון יהושע'ן זיין דיענער; ער האָט זיי בּרויז צוגעפיהרט צו דעם ירדן און זיינע אויערען האָבען געהערט גאָט'ס שטימע: „לא תעבור את הירדן הזה" דוא וועסט דעם ירדן ניט איבערגעהן.

דער געטליכער פּראָפעט קוקט אריין טיעף־טיעף אין זיין פאָלקס'ס צוקונפט; ער נעהמט ארונטער דעם דיקען פּארהאנג פון זייער ווייטען דונקעלען עתיד און ווערט ערשראקען; ער לעבט דורך מיט זיי צו־זאמען טויזענדער יאהרען, פערשיעדענע צייטען אין פערשיעדענע לענדער איבער דעם גאנצען ערד־קוגעל ער מאכט דורך מיט זיי גלייך דיא שרעקליכע גלות יסורים און שקלאפעריי אונטער דיא גרויזאמע טיראַ־נען און אונטערדריקער, ער שווימט דורך מיט זיינע מיליאנען קינדער אין זייערע אייגענע טייכען בלוט און ים'ען טרעהרען, ער פיהלט מיט זיין נאָבעלע נשמה דעם פיער טויזענד יאהריגען שמערץ: עס קלינגט איהם אין זיינע אויערן דיא שרעקליכע געט־ליכע ווערטער „ומצאוהו רעות רבות וצרות" „און עס וועלען איהם טרעפען גרויסע שרעקליכע אומ־גליקען".

ער זעהט זאגאר א ביסעלע נחת פון דיא ביסעלע גוטע יאהרען וואס מיר האבען געהאט אין דוד און שלמה׳ס צייט, אבער וואס פיר א ווערטה האט דאס נעגען דעם מורא׳דיגען צער וואס מיר האבען דורכגע־מאכט פון כושן רשעתים, דער קעניג פון ארם־נהרים אין עתניאל בן קנז צייט, ביז ניקאליי דעם צווייטען דער צאר פון רוסלאנד אין דר. הערצל׳ס צייטען? עס זיינען דורכגעפלויגען פיר זיינע אויגען וויא לעבעדיגע בעוועגליכע בילדער דיא גאנצע אידישע היסטאריע אלס א לאנגע קייט פון „צרות רבות ורעות“. בעזאנ־דערס האט איהם פערקלעמט דאס הארץ ווען ער האט בייגעוואהנט דיא שרעקליכע מאמענטען פון דיא צוויי חרבנות; ער זעהט וויא נבוזאראדאן דער שלאכט מייסטער קוילעט דיא פרינצען פון יהודה אין דעם קעניג צדקיהו׳ס געגענווארט, און נאכהער שטעכט ער איהם אוים דיא אויגען; ער זעהט וויא דיא שטאדט ירושלים, דיא שטאלץ פון יהודה ווערט פערשוואומען מיט בלוט פון איהרע כהנים און נביאים און זיינע אויערען הערען דיא טיפע איכה־קרעכצען פון דעם פראפעט פון ענתות.

שנעל וויא א בליץ לויפען דורך פיר זיינע אויגען איבער זעקס הונדערט יאהר מיט פערשיעדענע ביל־דער אין וועלכע עס איז דא זעהר ווייניג נחת און א

סך צער; יהודה צאפעלט זיך ווידער אין דעם מעכטיגען שנאָבעל פון דעם רוימישען אדלער און טיטוס רואינירט אין גאנצען דיא לאנד און פערטרייבט דאס פאָלק אין פערשיעדענע פרעמדע לענדער.

„וילך משה“ — ער זעלבסט שטעהט א פערטרויערטער ביי'ן בארג נבו, אָבער זיין גייסט געהט מיט זיי אלעמען אין אלע גלות לענדער, ער וואנדערט מיט זיי נאָך בבל, נאָך רוים נאָך שפאניען, נאָך פורטיגאל נאָך פראנקרייך, ענגלאנד, דייטשלאנד, פוילען און רוסלאנד; ער מאכט דורך דעם גאנצען מיטעלעלטער. אלע גרושים, אינקוויזיציאנען גזירות און פאָגראָמען; ער אימיגרירט מיט זיי נאָך די פעראייניגטע שטאאטען אין אמעריקא, ער מאכט דורך מיט זיינע ליעבלינגע דעם גאנצען גלות מיט אלע זיינע פאָלגען, ער ווערט פערציטערט, דאס הארץ פערקלעמט איהם, זיינע אויגען ווערען פייכט און מיט א דונער שטימע האָט ער אויסגעשריען: „איהר שטעהט היינט אלע גלייך פיר אייער גאָט, אייערע פאָרשטעהער פון דיא שטאמען, עלטעסטע און דיא פאָליציי מיט דאָס גאנצע פאָלק; אייערע קליינע קינדער מיט אייערע פרויען און זאגאר דער פרעמדער עלעמענט, וואס געפינט זיך אין דיין לאגער ביז דיא האָלץ האקער און וואסער טרעגער, אָהנע אונטער־

שייך ; פון אייך אלעמען נעהם איך מיין אפשיעד און זעגען זיך, ניט נור מיט דיא יעניגע וועלכע זיינען דא מיט אונז, נור זאגאר מיט דיא וואס זיינען נימא הייטע מיט אונז ; קינדער, איך געה אוועק פון אייך, איך לאז אייך איבער אין מיין יהושע׳ס הענט. איך האף אז איהר וועט עקסיסטירען אלס א פאלק טראטץ דעם גרויסען קאמפף וואס איהר האט פאר זיך אין אייער גרויסען צוקונפט. עס וועט קומען צייטען ווען איהר וועט ענטריסען ווערען פון אייער לאנד, איהר וועט זיין היימלאז צווישען פעלקער וועלכע וועלען אייך קיין מנוחה ניט געבען. עס וועט אויף אייך אויס־געגאסען ווערען מיין גאנצער שטראף און איהר וועט דורכמאכען דיא גאנצע תוכחה ; און אזוי וויא מיט אייך אזוי וועט זיין מיט אייער לאנד, זיא וועט פער־וויסטעט ווערען, איהר באדען וועט זיין פערברענט און עס וועט אויף איהר גאר ניט וואקסען ווייל גאטעס פלוך וועט פערפאלגען דאס פאלק אזוי וויא דיא לאנד, ער וועט זיי צושיידען, דאס פאלק וועט זיין צושפרייט צווישען פרעמדע פעלקער, און דיא לאנד וועט געהערען צו אנדערע נאציאנען ; אבער דאך מיט אייער עקסיסטענץ וועט איהר זיין זיכער, און איך פערשפרעך אייך, אז עס וועט קומען א צייט וואס: „ושב ד׳ אלהיך את שבותך ורחמך, ושב וקבצך מכל העמים אשר הפיצך ד׳ אלהיך שמה, אם

יהיה נדחך בקצה השמים משם יקבצך ד׳ אלהיך ומשם יקחך, והביאך ד׳ אלהיך אל הארץ אשר ירשו אבותיך וירשתה והיטבך והרבך מאבותיך״.
„גאָט וועט זיך ערבארמען און ער וועט ווידער דיך אויפזאמלען פון אלע פעלקער וואו ער האָט דיך צישפרייט, ווען אפילו דוא וועסט פערשטויסען ווע־רען אין דיא ענדע פון דעם הימעל אויך פון דארט וועט ער דיך ארויסנעהמען, און ער וועט דיך וויעדער אריינברייגגען אין דיין לאנד וואס האָט בעלאנגט צו דיינע עלטערען, יעצט וועט דאס לאנד ווידער בעלאנ־גען צו דיר, און גאָט וועט דיך נאָך פארבעסערען און פארגרעסערען פון דיינע עלטערען״.

* * *

און דאס איז דער ווירקליכער געטליכער טשאר־טער, דער היסטאָרישער טראדיציאנעלער דאקומענט, וועלכען מיר האָבען צו צייגען פיר דער גאנצער וועלט אויף אונזער אלט־ניי־לאנד, דער דאָקומענט וועט ניע־מאלס פערניכטעט ווערן און ער וועט אָהנע צוויי־פעל ערפילט ווערען.

מיט אָפענע אויגען און מיט א ריינעם קלאָרען פערשטאנד קענען מיר זעהען וויא דיא צייט פון דיע־זען געטליכער הבטחה קומט נעהענטער צו אונז ; די בעוועגונג פון ווידער אויפלעבונג ארבייט אין ביי־

דע צדדים : עס ארבייט אין דעם פערשטויסענעם פאָלק ; עס קומט וואס ווייטער צום זעלבסט בע־וואוסט זיין, צום ווידער אויפלעבען פון דעם נאַ־ציאנאלען שטאָלץ ; און עס ארבייט אויך אין דער פערלאָזענער לאנד. זיא לעבט אָפּ יעדען טאָג אין איהר עקאָנאָמישער לאגע, זיא האָט אָנגעפאנגען צו געבען ווידער איהרע פרוכט וויא אין איהרע אמאָליגע גליקליכע יאהרען, און זיא האָט פראגרעסירט אויך אין דער לעצטער צייט אין איהר פאָליטישען צו־שטאנד ; זיא בעלאנגט שוין ניט מעהר צו אן אויטאָ־קראט, וועלכער האָט אליין קיין מאכט ניט געהאט אייך עטוואס טהון, נור אויף ניט לאָזען טהון ; יעצט בעלאנגט דאס לאנד צו איין פרייעם פאָלק מיט א פארלאמענט און מיט א ריכטיגע קאָנסטיטוציאן. יעצט פעהלט מעהר ניט וויא צוזאמען ברייננגען דאס פאָלק און דאס לאנד.

אויף דער פראגע ווען ? ווען וועט דאָס גע־שעהן ? געפינען מיר אן אנטוואָרט אין דעם ילקוט פון אונזער מאטטא : „אתם נצבים : אימתי ? כשתהיו אגדה אחת היום כלכם. דאס הייסט : „איהר עקסיסטירט : ווען ? דאן ווען איהר אלע וועט זיין צוזאמען געבונדען אין איינעם, און דאס ערקלעהרט אונז דער ילקוט מיט זעהר א שעהנעם ביישפיעל פון

לעבען : ווען מיר זאָלען נעהמען קליינע יונגע צווייג־לאך און איינפלעכטען איינער אין דעם צווייטען וועט דער גרעסטער העלד ניט קענען זיי צורייסען : אָבער ווען מיר זאָלען זיי פאנאנדער נעהמען אויף איינציגע צווייגען, דאן וועט זיי זאגאר א קליין קינד פערניכ־טען. דאס זעלבע איז מיט דיא אידען — זאָגט דער ילקוט ; זיי וועלען דאמאָלסט אויסגעלייזט ווערען, ווען זיי וועלען זיך צוזאמען אין איין בונד איינ־בינדען".

יא, ווען מיר ווילען דעם „אתם נצבים היום", מוזען מיר מקיים זיין דעם „כלכם לפני ד' אלהיכם".

און דאס איז דער ריכטיגער אידישער מיסיאן. וויעדער אויפצולעבען און צו בעלעבען דאָס לאנד און דאן וועט ער זיין א פארבילד מיט זיין לעבען נאך דעם גייסט פון זיינע פראָפעטען פיר אלע נאצ־ציאָנען אין דער וועלט : כי מציון תצא תורה ודבר ד' מירושלים.



# ראש השנה

## דאָס גליק פון א פאָלק; די בעדייטונג פון דעם שופר; ווער איז דאָס דער שטן? די פערהעל־טענעס צווישען דעם שופר מיט דעם שט. תרועה אָבער ניט קיין שברים.

„אשרי העם יודעי תרועה באור פניך יהלכון".

תהלים פ"ט).

„מי שהיה עובר אחורי בית הכנסת, או שהיה ביתו סמוך לבית הכנסת, ושמע קול שופר, אם כיון לבו יצא ואם לאו לא יצא, אף על־פי שזה שמע וזה שמע, זה כון לבו וזה לא כון לבו".

משנה כ"ה פ"ג).

תוקעין ומריעין כדי לערבב את השטן".

(ראש השנה ט"ז).

ווען מיר זאָלען שטעלען א פראגע: „וואס איז דאָס גליק פון א פאָלק?" דאן וועלען מיר בעקומען פיעל פערשיעדענע אנטוואָרטען פון פער־שיעדענע מענשען, יעדערער נאך זיינע אנשויאונגען

אויף דער וועלט און דאָס לעבען. איינער וועט זאָ־
גען, אז דאָס גליק פון א פאָלק איז צו פערמעגען א
גוטעס לאנד; דער צווייטער וועט זאָגען זיין מיינונג,
אז דער גרעסטער גליק איז צו האָבען א גוטע ליבע־
ראלע רעגיערונג; מאנכע מענשען וועלכע רעספעק־
טירען מאכט און קראפט וועלען זאָגען אז גליקליך איז
יענע נאציאָן וועלכע פערמאָגט א גרויסע מעכטיגע
ארמעע אין לאנד און א שטארקע פלאָטע אויף׳ן ים.
דיא העכערע קלאס מענשען וואָלטען אויסגעקליבען,
א רייכע ליטעראטור, א ערהאבענע קלאסישע מוזיק
א. ז. וו.

אָבער צום בעוואונדערען, איז דער אידעאל וואס
אונזער הייליגער דיכטער האָט אויסגעקליעבען פיר
זיין פאָלק: „גליקליך איז דיא נאציאָן וועלכע
פערשטעהט וויא צו מאכען א תרועה, — אשרי
העם יודעי תרועה!“

אלס קינד, ווען איך האָב נאָך אין חדר געלע־
רענט, האָב איך מיין רבי׳ן אן אומשולדיגע פראגע
געשטעלט:

„רבי! וואָס איז דאָס אזוינס א תרועה? און
וואָס איז דער גליק אז מען קען איהר מאכען?“

מיין רבי דער תמים האָט מיר אזוי אומשולדיג
געענטפערט, אז קיין מענש אין דער וועלט פון קיין

אומה ולשון קען קיין „תרועה“ מאכען מיט דעם שופר, אויסער א איד, און דאס מיינט דער פסוק „אשרי העם יודעי תרועה!“

דעם רב׳נס תשובה האט מיך בערוהיגט אין מיינע קינדערשע יאהרען, און איך האב איינפאך גע־גלויבט גלייך מיט מיין רבי׳ן דעם גרויסען מאמין, אז קיינער איז אין שטאנד צו אויסבלאזען א תרועה מיט דעם שופר אויסער א איד.

ווען איך בין עלטער געווארען האב איך צופע־ליגערווייזע געלערענט ביי א מלמד וואס ער איז א בעל תקיעה געווען אין דער גרויסער שוהל; אין דעם גאנצען חודש אלול פלעגט מיין רבי פראקטיצירען מיט שופר בלאזען; ביי דעם רבי׳ן אין הויז איז גראדע איינגעשטאנען א זעלנער א מוזיקאנט, איהם איז זעהר געפעלען געווארען דיא גאנצע צערעמאניע און ווען דער רבי איז געגאנגען מנחה דאווענען האט ער גע־נומען דעם שופר און האט נאכגעמאכט דעם רבי׳ן דעם גאנצען „תקיעת שופר“ און בעזאנדערס האט ער געמאכט אויסגעצייכענט דיא „תרועה“, פיעל בעסער און לייכטער פון מיין רבי׳ן דעם שלאפען אידען מיט זיינע קראנקע לונגען.

דער רוסישער סאלדאט האט פערניכטעט מיין רבי׳נס תירוץ, און מיין פראגע: „וואס איז דער גליק

אז מען קען מאכען א תרועה?" איז נאך שטארקער געווארען ביז איך בין עלטער געווארען און איך האב שוין אליין אהן א רבי'ן א פרק משניות געלערענט מיט מיין אייגענעם פערשטאנד, דאן בין איך געקומען צו דער אויבענגעבראכטער מאטא:

„ווען איינער איז פארבייגעגאנגען ביי א שוהל, אדער זיין הויז איז נאהענט צום שול, און ער האט גע־הערט שופר בלאזענדיג, איז אויב ער האט געהערט מיט א בעזונדער כונה צו דעם איז ער יוצא, דאס הייסט ער האט ערפיהלט זיין פפליכט, און אויב ניט, האט ער ניט יוצא געווען. אבוואהל זיי האבען דאך ביידע גלייך געהערט, נאר דער האט געהערט מיט כונה און דער אהן כונה".

אט דא איז ווייטער דיא פראגע, וואס פיר א כונה זאל מען האבען צו „תקיעת שופר?" מען הערט וויא דער בעל תקיעה מאכט א תקיעה און א שברים־תרועה, און דאס אלעס. היינט וואס הייסט דאס כונה, אז איינער איז יוצא און דער אנדערער ניט?

נאך מעהרער בין איך ערשטוינט געווארען ווען איך האב אין דער מסכת „ראש השנה" געלערענט דיא אויבענדערמאהנטע מאטטא:

„תוקעין ומריעין כדי לערבב את השטן"

דאָס הייסט מען בלאָזט שופר און מען מאכט א תרועה אום צו פערטומלען דעם שטן״.

א שרעקליכע שטיקעל ארבייט האָט דער תלמוד איינגעטהיילט דעם שטן מיט דיא ווערטער:

„שטן יורד ומתעה, עולה ומקטרג, נוטל רשות ונוטל נשמה״. (בבא בתרא ט״ז).

דאָס מיינט: דער שטן געהט ארונטער, און פערפיהרט דעם מענשען צו זינד; נאכהער שטייגט ער ארויף אין הימעל און גיבט איבער דעם מענשענס פערברעכען, ער נעהמט אן ערלויבניס, געהט ווידער ארונטער און נעהמט צו ביי דעם מענשען דיא נשמה. דאָס איז אין דעם זעלבען זינן וויא דער תלמוד דריקט זיך אויס אין אנדער אָרט „הוא השטן הוא היצר־הרע הוא המלאך המות״ דער זעלבער טייפעל וועלכער פערפיהרט דעם מענשען צו זינד ברייגנט אויף איהם אויך דעם טויט.

יעצט ווערט דיא פראגע נאָך שטארקער: וויא קען מען אזא מורא׳דיגען טייפעל איבערשרעקען מיט א בלאָז פון א שופר?

דיעזע אלע פראגען וועלען גאנץ לייכט פערענט־פערט ווערען ווען מיר וועלען פילאָזאָפיש פערשטעהן דיא מיינונג פון דעם העברעאישען וואָרט „תרועה״, און דיא סימבאָליסטישע בעדייטונג זיינעם, דאן ווע־

לען מיר וויסען וואס פיר א גליק דיא „תרועה" איז פיר אונזער פאלק; מיר וועלען גוט פערשטעהען דיא כונה פון דעם שופר וואס מען מוז האבען אויב מיר ווילען יוצא זיין, וויא דיא משנה לערענט אונז, ווען מיר וועלען זיך אביסעל בעסער בעקענען מיט דעם אידישען שטן און זיינע בייזע טהאטען, דאן וועלען מיר גאנץ לייכט פערשטעהען, דיא פערהעלטניסע פון דעם שופר מיט דעם שטן, און וויא אזוי מיר קענען איהם פערניכטען מיט א ריכטיגע „תרועה".

* * *

דער שורש פון דעם ווארט „תרועה איז „רוע" וועלכער האט צוויי הויפט מיינונגען. דער ערשטער איז אויף פריינדליכקייט, פערבינדונג, צוזאמען נעה־מען זיך, און דער צווייטער בעדייטעט אויף אויפהוי־בען א שטימע מיט א קריעגס געשריי אדער מיט א יובעל געשריי; דיעזע צוויי מיינונגען זיינען אין דער ווירקליכקייט נור איינס ווייל עס קען ניט געבען קיין איינע פון דיא צוויי געשרייען, יובעל אדער קריעג, בעפאר א גרופע מענשען זאלען זיך ניט פער־אייניגען צו א בעוואוסטען און א בעשטימטען צוועק...

איינער פון דיא גרויסע מוזיקער האט גוט בע־מערקט אז אין דער „תרועה" הערט זיך א נאטירליכע שטימע וויא א הוהן שרייט אין זאמעלט אויף איהרע

קליינע היהנדעלאך אין דער צייט ווען זיא זעהט א געפאהר פיר זיי, און גלייך וויא זיא מאכט נאר דיא נאטירליכע תרועה קלייבען זיך אויף דיא קליי־נע עופה׳לאך אונטער איהרע פליגעל צום שוץ. און דיא העברעאישע שפראך וואס זיא איז נאטירליך וויא דיא נאטור זעלבסט, האט אנגערופען דעם סארט קלאנג מיט דעם נאמען „תרועה" וואס דאס מיינט פריינדשאפט, אחדות אז דיא פרטים זאלען זיך צו־זאמען נעהמען אין איין כלל צו בעשיצען איינער דעם צווייטען.

דער אידישער שטן דער בייזער גייסט וועלכער אונטען פערפיהרט ער, און אויבען איז ער א מקטרג, און האט אימער צוגענומען דיא אידישע נאציאנאלע נשמה („יורד ומתעה עולה ומקטרג נוטל רשות ונוטל נשמה") איז ניט קיין אנדערער וויא דער אונ־גליק פון „פירוד הלבבות" „מחלקת" „שנאת חנם" וועלכע האבען צושטערט דיא טעמפלען, רואינירט דאס לאנד און פערטריבען דאס פאלק,—צו דעם שרעקלי־כען שטן המשחית איז ניטא קיין אנדער געגען־מיטעל וויא דיא „תרועה" מיט איהרע ביידע מיינונגען דאס הייסט וויא דיא משנה לערנט אונז: „אם כון לבו יצא ואם לאו לא יצא" ווען מיר מאכען מיט דעם שופר דיא תרועה זאלען מיר אין זינען האבען דיא

אנדערע בעדייטונג פון „תרועה" — פעראייניגען און פערברידערען זיך, אט דאמאלס קען מען מיט אזא „תרועה" צומומלען „מערבב" זיין דעם שטן, ער זאל אונז שוין מעהר ניט שטערען אין אונזער נאציאָנאלען לעבען און ער זאל ניט זיין קיין מתעה, מקטרג און נוטל נשמתן של ישראל.

יעצט קענען מיר זעהר לייכט פערשטעהן דעם אויסגעשריי פון אונזער הייליגען דיכטער:

„אשרי העם יודעי תרועה!"

גליקליך איז דער נאציאָן וואס פערשטעהט דעם ריכטיגען מיינונג פון „תרועה" אָבער ווען קען דאס געשעהן נור אז

ד' באור פניך יהלכון".

אַ, גאָט ווען זיי זאָלען געהן נאָך דיין ליכט נאָך. וויא דוא ביסט איינס, אזוי זאָלען זיי אויך זיין איינס. לייד־ער אָבער פערשטעהען מיר דיא „תרועה" נאָך גאנץ ווייניג, מיר הערען בלויז „שברים" בראָך און אונגליק פון אלע זייטען; „שברים" פון אויסענווייניג און שברים פון אינעווייניג, צובראָכען און צוריסען אויף שטיקער.—לאָמיר האָפען אז עס וועט קומען דיא צייט מיר זאָלען קענען מאכען ריינע „תרועה" אָהנע „שברים"; ווען מיר זאָלען ווירקליך בלאָזען שופר מיט דער ריכטיגער כונה און מאכען צווישען זיך דיא

„אמת'ע תרועה" ניט נור אין דעם טאג „ראש השנה" וועלכען מיר רופען איהם מיט דעם נאמען „יום תרועה" נור א גאנץ יאהר, מיר זאלען לעבען אלע אין שלום און אין אחדות, דאן וועלען מיר קענען אויסשרייען מיט א גלענצענדען יובל־געשריי:

„אשרי העם יודע תרועה!"



## האזינו — שבת שובה

**אונזער רייכער „עבר"; אונזער אונגליקליכער „הוה" און אונזער גלענצענדער „עתיד"; אונזער רעגרעס איז דער וועלט'ס פּראָגרעס.**

---

„זכור ימות עולם, בינו שנות דור ודור! שאל אביך ויגדך, זקניך ויאמרו לך".

---

„שובה ישראל עד ד' אלהיך כי כשלת בעונך!" (הושע י"ד).

„קעהר זיך אום צוריק אָ ישראל!" האָט דער פּראָפעט „הושע בן בארי" אויסגעשריען צו זיין פאָלק אין דעם זעלבען זינן וויא דער אדון הנביאים „בן עמרם" האָט געזונגען אין זיין אונפערגלייכליכע „שירת האזינו", זעגענענדיג זיך מיט זיין פאָלק: געדענק נור דיא פערצייטיגע טעג, פערשטעה די יאהרען פון אמאָליגע דורות, פרעג דיין פאטער וועט ער דיר זאָגען, דייגע גרויס עלטערען וועלען זיי דיר דערצעהלען".

אזעלכע סאָרטען אויפרופען, וואס אפּעלירען צום פאָלק און ראטהען זיי צו געהן צוריק און זיך לערנען ביי זייערע אור־אור עלטערען, קען מען ניט מאכען צו קיין אומה ולשון אויף דער גאַנצער וועלט. צום ביי־שפּיעל: אויב איינער פון דיא גרויסע פראַנצויזען זאל אויסשרייען צו זיין גרויסען נאַציאָן און זאגען: „קעהר זיך אום צוריק אָ פראַנקרייך!“ אדער א דייטשער פילאזאף זאָל זאָגען צו דייטשלאנד: „קער זיך אום צוריק אָ דייטשלאַנד!“ היינט ווער רעדט שוין ווען א ענגלישער געלעהרטער אדער א שפּאַני־שער זאָלען הייסען זייערע נאַציאָנען געהן צוריק און לערנען זיך ביי זייערע אור־עלטערען, וואָלטען זיי אָהנע צווייפעל אויסגעלאַכט ווערן און פיעלייכט נאָך מיט שאנדע אַרויסגעטריעבען ווערן פון זייערע לענדער פיר אזעלכע פינסטערע פּראַיעקטען, וואס הייסען געהן צוריק. וואוהין צוריק? צו דיא אלטע פינסטערע ציי־טען? צו ווענען צוריק? צו דיא פינסטערע יעזו־איטען אין דיא מיטעל עלטער? צו דיא אינקוויזי־טאָרען מיט דער שרעקליכער אינקוויזיציאָן? צו וואס צוריק? צו דיא אָטאַ־דע־פע מיט דעם ריח הניחוח פון געפּרעגעלטע מענשליכע פליישׁ? •וואס הייסט דאס געהן צוריק? ! דיא מענשהייט מוז געהן פאָרווערטס ניט ריקווערטס; מיר מוזען מאכען פּראָגרעס ניט רעגרעס; פיר א פשוט׳ן משוגענעם

וואַלטען אַלע נאציאָנען האַלטען דעם מענשען וועלכער וואַלט מאכען אַן אפּיעל צו געהן צוריק, רעגרעסירען צו דיא שרעקליכע פינסטערע צייטען פון שקלאַפעריי און אַבערגלויבען...

און מיר, אור־אַלטע נאַציאָן געקרוינט מיט דעם נאָמען „עם חכם ונבון", לעזען אין אַלע אונזערע שוה־לען דיעזען שבת:

„זכור ימות עולם
בינו שנות דור ודור !"

„געדיינק דיא פערצייטיגע טעג
פערשטעהע די יאָהרען פון אמאָליגע רורות"

און מיר אפּעלירען מיט דעם נביא הושע'ס ווערטער:

„שובה ישראל"

קעהר זיך אום צוריק אַ ישראל !

און מיט פאָלקאָמענעם רעכט מאכען מיר דיעזען אויפ־רוף, ווייל אונזער געהן ריקווערטס, מיינט פיר דער גאנצער וועלט פארווערטס, אונזער רעגרעס מיינט דער וועלט'ס פּראָגרעס.

„שובה ישראל !" געה צוריק, אונגליקליכער אין דיין געגענוואַרט צו דיין רייכע פערגאַנגענהייט; געה צוריק אַרימער וואַנדערער פון דיין פינסטערען „הוה" צו דיין ליכטיגען „עבר"; געה צוריק צו דעם

שעהנעם ערהאבענעם לעבען פון דיינע פאטריארכען, הויב זיך אויף צו דיא גרויסע אידעאלען פון דיינע נביאים; געה צוריק צו דיא שעהנע רייכע און הייליגע שפראך, צו דיין רייכע גרויסע ליטעראטור, צו דיין אמאליגע עטהיק, מדות טובות, צו דיינע רחמנות בישנות, צניעות און אלע גוטע זיטען, וואס דוא האסט אמאל געלערענט ביי דיינע נביאים און חכמים. קעהר זיך אום צו אלעם וואס עס איז שעהן, ריין און ערהאבען; געה צוריק ווייל דיין רעגרעס מיינט פראגרעס, דיין געהן ריקווערטס מיינט פארווערטס און דאן ווען דוא וועסט זיך אומקעהרען צו דיין שעהנעם „עבר" וועסט דו בעקומען א גלענצענדען „עתיד", דוא וועסט זיך אומקעהרען צו דיין לאנד.

„שובה ישראל!" „שובה ישראל"

און וויא ערהאבען און הייליג זיינען אונזערע אור־אלטע תפלות אין דיא ימים הנוראים וועלכע זיינען פערפאסט געווארען נאך פריהער וויא דיא נייע ציוויליזירטע פעלקער זיינען געבוירען געווארען; עס איז מערקווירדיג, ווען מיר בעטראכטען גוט דעם אינהאלט פון דיא געבעט וואס דער ארימער אונטערדריקטער פאלק ישראל, דער פערפאלגטער און פערהאסטער אייביגער וואנדערער בעט ביי זיין גאט אין זיינע הייליגסטע טעג אין יאהר, זעהען מיר, אז ער

בעט ניט קיין מפלה אויף זיינע פיינד ; ער פער־
לאנגט ניט קיין ראכע פון זיינע פערפאלגער און אונ־
טערדריקער ; ער בעקלאגט זיך צומאל ניט אויף זיי־
נע שונאים דיא מורא'דיגע פערברעכער נאר אויף דיא
פערברעכונג ; ער שרייט נעבאך אוים פון זיין טיע־
פען פערוויטאגטען הארץ צו זיין ליעבען גאט דיעזע
ווערטער :

„ועולתה תקפץ פיה וכל הרשעה כלה כעשן
תכלה, כי תעביר ממשלת זדון מן הארץ !"

„דאס אומרעכט זאל פערשטומט ווערען, און
דאס גאנצע שלעכטעס זאל וויא רויך פערניכטעט ווע־
רען און די דעספאטישע רעגיערונג זאל פון דעם ערד־
באל פערשוואונדען ווערען".

אדער ווען ער בעט :

„והופע בהדר גאון עזך
על כל יושבי תבל ארצך !"

„א גאט, ערשיין מיט דיין גלענצענדען מעכטיגען
שטאלץ איבער אלע איינוואהנער פון דיין וועלט".

שטעלט אייך נור פאר א ארימער אידישער עמיג־
ראנט וועמעס פערמעגען איז פערניכטעט געווארען
אין דיא פאגראמען פון דיא רוסישע בעסטיעס אין

מענשען געשטאלט, זיין פרוי מיט דיא קינדער האט ער איבערגעלאזען אין דער בלוטיגער לאנד פע־שמאכ־טע פון הונגער, נאקעטע און בארפוסע; ער זעלבסט איז עלענד, שטום און בלינד אין דער נייער וועלט, הילפלאז וויא א ניי־געבארענע קינד שטעהט ער פיר זיין גאט און בעט פיר דער גאנצער וועלט, פיר דעם גליק פון דער גאנצער מענשהייט, פיר פרייהייט, גליק און זעגען פיר אלע נאציאנען אהן אויסנאהמע, זאגאר פיר זיינע אונטערדריקער וועלכע האבען איהם פער־אונגליקט און פעריאגט פון זיין היימאטה, אז זיי, דיא מערדער, זאלען אויך בעפרייט ווערען פון דער „ממשלת זדון" דיא דעספאטישע רעגיערונג, און מיט זיין גאנצע „השתפכות הנפש" בעט ער ביי זיין גאט:

„והופע בהדר גאון עזך
על כל יושבי תבל ארצך!

דיא זעלבע תפלות האט ישראל געבעטען דיא גאנצע צוויי טויזענד יאהר פון זיין מארטירערטהום אין דיא פערשיעדענע גלות לענדער, באדענדיג זיך אין זיינע אייגענע טייכען בלוט מיט טרעהרען, שטעהענדיג אין דיא מיטעל־עלטער אונטער דיא פלאמען פייער פון דער אינקוויזיציאן, וואנדערענדיג פון איין לאנד צו דער צווייטער מיט שרעק, מאנגעל הונגער און דורשט, און נאך אלעמען האט ער ניט פערגעסען זיין

עהרען געפיהל, זיין אמאליגען נאציאנאלען שטאלץ אין זיין שעהנע הייליגע לאנד און בעט מיט אזא מתיקות מיט א הערצרייסענדע בייגקעניש.

ובכן תן כבוד לעמך...

שמחה לארצך וששון לעירך!"

דער פערוואגעלטער בעט עהרע פיר זיין נאציאן; דער היימלאזער בעט פרייד פיר זיין לאנד, איז דאס ניט וואונדערבאר? איז דאס ניט א געטליכע קראפט? און מיט פאלקאמענע רעכט פראקלאמירט ער צו זיך זעלבסט:

„שובה ישראל!"

ווייל זיין רעגרעס איז דער וועלט'ס פראגרעס און זיין געהן ריקווערטס איז דיא ריכטיגע וואהרע פארווערטס.

אונזערע תפלות זיינער אונזער שטאלץ ווייל קיין אומה ולשון פערמעגט זיי ניט, אין זיי ליגט דער עקסטראקט פון יודענטהום, דער תמצית פון ריינעם אידישען נאציאנאליזמוס אהנע שאוועניזמוס, דער אידעאל פון ישעיה'ן, אז דיא פעלקער וועלען זיך בלייבען פעלקער יעדערער פאר זיך מיט זיינע גייס־טיגע אוצרות, אבער זיי וועלען ניט דריקען, און ניט פערפאלגען איינער דעם צווייטען, ווייל:

„וידע כל פעול, כי אתה פעלתו
ויבין כל יצור, כי אתה יצרתו“.

דיא „אנשי כנסת הגדולה“ האבען גוט פערשטא־נען די אידעאלען פון אונזערע פראפעטען, און זיי האבען זיי איינגעפאסט וויא ברילאנטען אין דער קרוין פון אונזערע הייליגע תפלות אין דיא הייליגסטע טעג פון דעם יאהר.

דער נביא בן־בארי לעהרענט אונז וויא, און ביז וואנען מיר זאלען זיך אומקעהרען, ער האט געוואוסט אז אין אונזער שרעקליכען לאנגען גלות צווישען פער־שיעדענע פעלקער וועלען מיר זיך אננעהמען מיט שמוץ, אבערגלויבען אין שדים, רוחות גלגולים, דבוקים און אזוי וויא ווערים וועלען זיי אריינקריכען טיעף־טיעף אין דאס הארץ פון דער רעליגיאן, זא ווייס אז מיר וועלען ניט קענען אונטערשיידען פון אונזערע ביז פרעמדע, און מיר וועלען טהון אזעלכע מעשים וועלכע אונזערע עלטערען, נביאים און חכמים האבען גאר ניט געוואוסט פון זיי, דארום האט ער צו אונז אפעלירט מיט זיין גאנצען פראפעטישען גייסט:

שובה ישראל עד ד׳ אלהיך
כי כשלת בעונך!

קעהר זיך אום צוריק צו דיין ריינע, זויבערע רע־

ליגיאן ; צוריק צו דיינע גרויסע חכמים צוריק צו דיינע נביאים ; צוריק ביז דיין ריינעם וואהרען גאָט, וואנדערענדיג. ווארף ארונטער פון דיר דיין גלות ווייל דו ביסט געשטרויכעלט געוואָרען אין דעם גלות קיימען, טרייסעל אָפּ פון זיך דעם גלות שטויב און קעהר זיך אום צוריק צו דיין לאנד, וועלכע וועט דיר געבען א גלענצענדען „עתיד" אזוי וויא זיא האָט דיר געגעבען א רייכען „עבר„—„שובה ישראל !"



# סכות

## די סוכה אלס ערֹאינערו:ג פון דעם נאמאדישען לעבען: די צוויי טויזענד יאהריגע פערשיעדענע סכות, „כשרה'ע" און „פסול'ע". — חג האסיף אמאל און היינט.

---

„בסכות תשבו שבעת ימים, כל האזרח בישראל ישבו בסכות, למען ידעו דורותיכם, כי בסכות הושבתי את בני ישראל בהוציאי אותם מארץ מצרים" (ויקרא כ"ג).

---

„ואנכי ד' אלהיך מארץ מצרים עוד אושיבך באהלים כימי מועד".
(הושע י"ב י.).

ניט נור ׳ נזערע אור־אור־עלטערען זיינען אמאל געוועזן סכות־זיצער, ביידלאך־איינוואהנער, נור דיא גאנצע מענשהייט אין דיא אוראלטע צייטען האבען געלעבט א נאמאדישען לעבען — נוסעי־בעדר; זיי האבען געוואנדערט פון איין ארט צו דעם צוויי־טען מיט זייערע סטאדעס שאף און קעמלען וואו זיי האבען נור געפונען פיטערונג פיר זייערע הערדען אי־

בער דיא גרויסע מדבריות פון דיא אָריענטאַלישע לענדער. זיי האָבען נאָך דאן ניט געוואוסט פון אַקער־בויעריי ערד בעארבייטונג, פון בעזעצען זיך אויף איין ארט אין דער פארם פון שטעדט און דערפער וויא מיר זעהען היינט, פון בויען הייזער האָבען זיי גאָר ניט פערשטאַנען און פון עסען ברויט האָבען זיי ניט גע־וואוסט, פלייש און מילך איז געווען זייער נאהרונג, מיט דיא פעהל און וואָהל פון זייערע שאָף האָבען זיי זיך בעקליידעט און געמאכט זייערע ביידלאַך — „סכות", אדער „אהלים" וועלכע זיי פלעגען טראגען פון איין ארט צו דעם צווייטען.

מיר ברויכען זיך גאָר ניט שעהמען ווען מיר זע־הען אין אונזער געשיכטע אז מיר שטאמען אויך פון דיא זעלבע נאָמאדען וויא אלע פעלקער און אז אונ־זערע אבות הקדושים, דיא פאטריארכען זיינען געווען בעדואינער און האָבען ניט געהאט קיין ריכטיגען מקום מנוחה ; אברהם אבינו דער ערשטער פאטרי־ארך, דער אב־המון גוים, האט געלערענט דיא סדרה „לך לך" מיט כונה, און האט געוואנדערט נאָכטראגענ־דיג מיט זיך זיין „אהל" געצעהלט, אדער „סכה" פון איין ארט צו דעם צווייטען וויא א ריכטיגער בעדואי־נער, מיר זעהען איהם זיצענדיג „בפתח האהל" ביין אריינגאנג פון זיין ביידעל ניט ביי דעם טהיר פון זיין

הויז; מיר גערענקען נאָך וויא מיר האָבען געלערענט אין חומש דעם „ויתקע אהלו", וויא ער האָט אריינגע־שטעלט זיין געצעלט, און קיין ריכטיגע הויז האָט ער נאָך ניט פאַרמאָגט, קיין ערד האָט ער ניט בע־ארבייט, און קיין פעלד האָט ער נאָך ניט געזעהט ביז דעם צווייטען פאַטריארך — יצחק, וועלכער האָט אָנגעפאנגען צו זעהען פעלדער אין פלשתים, אבער דער הויפט בעשעפטיגונג זיינער, און אויך יעקב׳ס מיט זיינע קינדער איז געווען שאָף פיטערונג, אָדער גאָר פשוט, אז מיר זאָלען דאס זאָגען מיט אונזער אַלטען היימישען לשון, זיינען זיי געווען איינפאך פאסטוכער.

דיא אמת׳ע קולטור און דיא ריכטיגע ציוויליזאציאָן האָבען זיך ערשט ארויסגעצייגט אין דיא מענ־שען־קינדער, ווען זיי האָבען זיך ענטוויקעלט, און זיי זיינען אויפגעהויבען געוואָרען פון דעם נאמאדישען לעבען צו אקערבויעריי, דאן ווען דער מענש האָט אָנ־געפאנגען צו ליעב האָבען זיין שטענדיגען אָרט און צו זיין צוגעבונדען צו זיין בעשטימטען שטיקעל לאנד און צו בעארבייטען זיין חלק ערד, דאן האָט ער אָנ־געפאנגען מעהרער צו בעאָבאכטען דיא נאטור מיט איהרע קרעפטען; ער האָט אָנגעהויבען צו קוקען זיך אָפטער צום הימעל און ערוואַרטען דעם רעגען

אין וועלכען זיין יעטיקעל אויסגעארבייטע ערד האָט זיך געגנויטיגט אום ער זאָל בעקומען זיין נאהרונג פון איהר פּראָדוקט.

דער ערד ארבייטער, דער אקערבויער האָט זיך געהאלטען פיעל העכער פון דעם נאָמאדי דעם וואנ־דערענדען בעדואינער און ער האָט געקוקט אויף איהם פון אויבען ארונטער, און ווען דער נביא בן־בארי האָט גע׳מוסר׳ט זיין פאָלק האָט ער זיי געשראקען אין גאָט׳ס נאָמען מיט דעם שטראף:

„עוד אושיבך באהלים כימי מועד!“ „אויב איהר וועט זיך ניט גוט אויפפיהרען וועל איך אייך ווידער ארייזעצען אין געצעלטען און איהר וועט ווערען בעדואינער אזוי וויא פארצייטען“.

אונזער געטליכער געזעצגעבער, ווען ער האָט איבערגעפיהרט דאס פאָלק פון נאָמאדישען צושטאנד צו אקערבויעריי האָט ער זיי אָנגעזאגט:

„כל האזרח בישראל ישבו בסכות למען ידעו דורותיכם, כי בסכות הושבתי את בני ישראל בהוציאי אותם מארץ מצרים“.

דאס מיינט: אין אייער „חג האסיף“ דעם אמת׳ן פרייליכען יום־טוב, ווען אייערע שייערען זיי־נען פול מיט תבואה און אייערע קעלערס מיט וויין און מיט גרויס שמחה קוקט איהר אויף אייערע פּראַ־

דוקטען וואס אייער לאנד האט פיר אייך ארויסגעגע־
בען נאך אייער יעהרליכע ארבייט, דאן זאלט איהר
אלע ארויס געהן פון אייערע הייזער און באזעצען זיך
אין „סכות" ביידלאך אום איהר זאלט זיך עראינע־
רען אז אייערע אור־עלטערען זיינען געווען נאמאדען,
און ארויסגעהענדיג פון מצרים האבען זיי געוואגעלט
אין דער מדבר פיער צעהנדליג יאהר אזוי וויא דיא
בעדואינער.

און דיא נבואה פון דעם נביא הושע בן בארי
איז פאלקאמען מקוים געווארען ; שוין צוויי טוי־
זענד יאהר אז מיר זיינען פון אונזער לאנד ענטריסען
געווארען און מיר וואגלען ארום פון איין לאנד צו
דער צווייטער אזוי וויא דיא נאמאדען, און זאגאר
ווען מיר זיצען אין גרויסע הייזער, אין שעהנע פא־
לאצען זיינען מיר אין זיי מעהר ניט זיכער וויא מיר
וואלטען געזעסען אין ביידלאך, נאמאדישע געצעהל־
טען, ווייל מיר זיינען היימלאזע וואנדערער, און מיר
האבען אבסאלוט קיין ריכטיגען פערבאנד מיט דיא
גלות־לענדער אין וועלכע מיר געפינען זיך.

מיר זיינען אימער און איבעראל בלויז סכות־
זיצער, ביידלאך איינוואהנער וויא דיא נאמאדען און
דיא בעדואינער, נור מיט דעם אונטערשיעד וואס זיי
זיינען טרייע נאטור קינדער אונטער דעם פרייען

בלויען הימעל אויף דעם באָדען פון דער גרינער ערד, און מיר זיינען סכות זיצער אין דיא גרויסע פרעמדע שטעדט אין דעם פערשטיקטען לופט אונטער דעם פערוויכערטען הימעל, ווייט פון דער נאטור און פון איהרע אוצרות אזוי וויא שטיעף קינדער פון זייער שטיעף־מוטער.

און דיא סכות זיינען פערשיעדענע : מאנכע פון זיי זיינען כשרה נאָך דעם דין נאָך אז עס ברויכט צו זיין צלתה מרובה מחמתה" דער שאָטען מעהרער פון דעם זונען־שיין... אָבער דאס רוב פון דיא גלות־סכות אונזערע זיינען על פי דין פסולע, ווייל עס איז „חמתה מרבה מצלתה" דאס הייסט אז מיר האָ־בען אין זיי קיין שאָטען ניט צו בעשיצען זיך, מיר זיי־נען אין זיי היים־לאָז דאך־לאָז אָהנע בעשיצונג ; אין דיא פסול'ע סכות וויא רוסלאנד, רומעניען, פערסיען און מאַראָקאָ, וואס אין זיי איז „חמתן מרבה מצלתן" האָבען מיר קיין שוץ און מיר זיינען הפקר צום זונען־שטיך און שטראָמען־רעגען, צו דיאווילדע חיות אין מענשען־געשטאלט, צו פּאָגראָמען, פערפאל־גונגען אונטערדריקונגען גאָר אָהן אן אָפּהאלט....

עס איז וואהר מיר האָבען כשרה'ע סוכות אויך אין וועלכע מיר האָבען שוץ, אָבער מיר מוזען געדיינ־קען אימער נאָך א דין נעמליך : אז א סכה מוז גע־

מאכט ווערען נור פון „תלוש" און ניט פון „מחובר";
דאס הייסט פון אזעלכע געגענשטאנדען, וועלכע זיי־
נען ענטריסען, אפגעזונדערט פון דער ערד, אבער
בשום אופן ניט פון אזעלכע מאטריאלען וועלכע זיי־
נען בעהעפט און איינגעוואקסען אין דער ערד, און
דיא היסטאריע אונזערע האט שוין אונז איבערצייגט
פיעל מאל, אז ווען מיר מאכען א טעות און מיר מיינען
אז מיר זיינען אליין „מחוברים" צו דער לאנד, דאן
ווערן אונזערע סכות פלוצלונג פסול און מיר מוזען אי־
בער א נייעם מאכען נייע סכות, אבער פון „תלוש"
און ניט פון קיין „מחובר". דאס האבען אונז אי־
בערצייגט מיט פיער הונדערט יאהר בעפאר, דיא אי־
דען אין שפאניען, און דיא פראנצויזישע אידען אין
אונזער דור מיט דער דרייפוס געשיכטע, אז ווען מיר
פארגעסען דעם דין זראינערט מען אונז גלייך אז אונ־
זערע סכות מוזען זיין פון „תלוש" און ניט פון
„מחובר".

איז דען ניט דיא סוכה א סימבאלישעס בילד
פון אונזער גלות לעבען ? זעהען מיר ניט אין איהר
געשטאלט אונזער קלעגליכען עקסיסטענץ ? זיא שטעהט
אהן א פונדאמענט, מיט איהרע דינע וועגטלאך, איז
זיא אימער בערייט איינצופאלען, זאגאר פון גאר א
געוועהנליכען ווינד ; בארעקט מיט עטליכע אפגע־

בראכענע צווייגען... זיצען קען מען אין איהר נור אין א רוהיגען טאָג, ווען עס איז אלעס אין אָרדנונג ; ווען דער וועטער איז שטיל ; אָבער וועה איז צו איהר אין א שטורם טאָג, ווען עס ווערט אומרוהיג דאן פאלט זיא איין און עס בלייבט פון איהר קיין זכר... וויא פיעל אזעלכע סכות זיינען שוין צו־שטערט און פערניכטעט געווארען פון דער „סכת דוד הנופלת" ביז היינט ? און ווי פיעל וועלען נאָך שטיר־צען און איינפאלען אזעלכע סכות ביז עס וועט אויפ־געשטעלט ווערען דיא „סכת דוד" ? איין גאָט ווייס !

און דער „חג האסיף" וויא שעהן, וויא הערליך און הייליג ער איז געווען אמאָל ביי דעם אידישען אקערבויער פאָלק, אויף זיין אייגענעם לאנד, דיא אתרוגים אין ציטראנען לאנד, ווען זיינע שייערען זיינען פול געוועזן מיט דיא ווייץ פון יהודה און זיינע קעלערם מיט דעם וויין פון לבנון און כרמל ; ער פלעגט נעמען זיין שעהנעם לולב פון זיין אייגענעם מעכטיגען פאלמען בוים צוזאמען מיט זיין אייגענעם פראכטפאָלען אתרוג מיט דיא מירטען (הדסים) און ערבות וועלכע וואקסען ביין ברעג פון זיין ירדן און פרעהען זיך אין זיין סכה וועלכע איז אויסגעפלאָכטען געווארען פון לולבים און צוגעדעקט מיט הדסים, בע־האנגען מיט שמעקעדיגע אתרוגים, ציטראנען און

אפעלסינען. אָה וויא שעהן און ערהאבען דאס איז אמאָל געווען!

און היינט?

היינט ליידער איז בלויז דער נאָמען „חג האסיף" נעבליעבען איינפאך א ליידיגער אהן א שום אינהאלט, מיר פערזאמלען ניט קיין ווייץ, קיינע וויין, מיר האָבען ניט קיינע קעלערען קיינע שייערען; מיר זאמלען אלטע בגדים, צוריסענע שיך, איבערגעברענטע קוילען, ארויסגעווארפענע שטיקלאך ברויט, און מיר רופען דאס „חג האסיף" אח, וויא טרויעריג דאס איז היינט!

מיר נעהמען היינט אויך כלומר'שט אתרוגים מיט לולבים, און הדסים מיט ערבות און מיר מאכען זיך פריילין, אָבער וואס פיר א פינסטערע איראָניע דאס איז, מיר נעהמען ניט אונזערע אתרוגים וויא מען האָט אונז אָנגעזאגט: „ולקחתם לכם משלכם" נור מיר קויפען פון פרעמדע קארפירער ממזרים, אתרוגים מרכבים צוזאמענגעפלאנצטע מיט ציטראנען, מיר מאכען רייך דיא אמת'ע שונאים אונזערע דיא גריכען וועלכע האָבען פון אייביג אָן און דאָ גאָר ניט לאנג אויך פעט געמאכט זייערע אתרוגים פלאנטאציעס מיט אידישעם בלוט, און אונזערע פרומע אידען קלייבען נאָך אוים פון דיא „מהודרים" שעהנע ממזרים

און מאכען א ברכה אויף זיי בשם ומלכות!... וויא פינסטער דער גלות איז זיינען נאך פינסטערער דיא בעגריפען וואס ער האט בעשאפען אין אונזערע מוחות!!

פון אלע סכות, וועלכע מיר האבען געהאט אין אלע לענדער אין דעם גאנצען גלות צייט איז אהנע צווייפעל דיא שעהנסטע בעסטע און דיא כשרה'סטע דיא סכה אונזערע היער אין דיא פעראייניגטע שטא־אטען אויף וועלכע עס פלאטערט דיא פלאג פון דיא שטערען און פאסען. לאמיר אלע פערשטעהען צו שע־צען דיא סכה און מיר זאלען איהר חלילה ניט פסל'־נען מיט „מחובר" וויא דיא שפאנישע אידען אמאל, און דיא פראנצויזישע היינט, אום מען זאל אונז ניט ברויכען צו עראינערען דעם דין פון „תלוש". היער אין דיעזער געבענשטער פרייער לאנד קענען מיר זיך ווידער אפלעבען און דערלעבען דיא צייט אין וועלכע יקים לנו ד' את סכת דוד הנופלת.



# שמיני עצרת — קהלת*)

**א קוואל פון פעסימיזם; דער עקסטראקט פו׳ פער־צווייפלונג; אבער דער איד קען ניט זיין אב־סאלוט פעסימיסטיש, ווייל דאס יודענטהום איז אפטימיסטיש.**

---

מיט א שרעקליכען יאוש און מורא׳דיגע ספקות איז אנגעפילט דער ספר קהלת פון אנפאנג ביז׳ן ענדע; ער איז ווירקליך א קוואל פון פעסימיזם, אויס־געמישט מיט כפירה אין אלעס; ער לייקענט אין דער וועלט וויא אין יענער וועלט, ער קוקט מיט פינס־טערע בליקען אויף דיא גליקען פון „עולם הזה" אזוי וויא אויף „עולם הבא". ער צושנייט דעם גאנצען לע־בען מיט אלע זיינע פערגעניגענס אויף שטיקער. און שליידערט זיי ארונטער אין דעם שרעקליכען אפגרונד פון צערשטערונג און פערניכטונג.

זיין קעניגליכע מייעסטעט מיט זיין אונגעהייערע מאכט דרינגט אריין איבעראל און מאכט פון אלץ א

---

*) נאך דאקטאר אהרן יעללינעק, וויען.

תל עולם, ער געהט אריין אין דיא טעמפלען פון ווי־
סענשאפט; אין אלע פערגעניגענס פלעצער, אין דיא
פאלאצען פון דיא רייכסטע אויף דער וועלט, אין דיא
געריכט הייזער, ביי דיא געזעצגעבער, אין דיא גאָטעס־
הייזער, אין דיא סודות פון פאמיליע לעבען, אין דיא
פרויען הערצער, פון דיא קינדער וויגעלאך, ביז דיא
קברים פון דיא מתים, און אלעס אלעס פאלט, זינקט
און ווערט צושטירצט אונטער זיין שניידענדע קריטיק,
און צו יעדעס בילד שרייט ער אויס מיט זיין ביטערע
פערצווייפלונג:

„הכל הבל ורעות רוח!"

ער צייגט אונז אן אלטען פאטריארכאלישען פא־
מיליען פאטער, זיינע זיהן, אייניקלאך און אור אייניק־
לאך שטעהן ארום איהם, הונדערט אין צאָהל, אלע גע־
זונט, מונטער, רייך און פריילין, דוכט זיך אז דאס איז
דער אידעאל פון אונזער לעבען, בעססערס קען שוין ניט
געבען, און נאך אלעמען פערוואָלקענט ער דאס בילד
מיט זיין שרעקליכען פעסימיסטישען וואָלקען און רופט
אויס, מיט פערצווייפלונג:

„טוב ממנו הנפל!
כי בהבל בא ובחשך ילך
ובחשך שמו יכסה"

„עס איז פיעל בעסער פון איהם דער נפל־קינד

ווייל אין דומהייט איז ער געבאָרען געוואָרען, אין פינסטערניס האָט ער געלעבט און אין פינסטערניס וועט זיין נאמען פערשלייערט ווערען.

ער שטעהט ביי א קבר פון א יונג בליהענדע פרוי, א מוטער פון יונגע קינדער; דער מאן וויינט, דיא קינ־דער שרייען ביטער אויף זייער אונגליק, אלע בעגליי־טער גיסען טרערען אויף דעם יונגען צווייג, וואס איז אפגעבראכען געווארען פון דעם לעבענס בוים און ער — קהלת — זאגט זיך אפּ קאלט, זעהר קאלט זיין מיי־נונג:

„הכל הולך אל מקום אחד, הכל היה מן העפר והכל שב אל העפר"

„אלעס ווערט פערשוואונדען אין דעם זעלבען ארט; אלעס איז פּראדוצירט געווארען פון דער ערד און אלעס קעהרט זיך אום צו דער ערד".

וויא א שטרייננגער קריטיקער ווארפט ער זיין אויג אויף דיא ריכטער מיט דיא גערעכטיגקייט און פעראורטהיילט זיי מיט דיא ווערטער:

„ועוד ראיתי תחת השמש מקום המשפט
שם הרשע ומקום הצדק שם הרשע"

„אט וואס איך האָב געזעהן אונטער דער ליכטי־גער זונן, אז אין דעם אָרט פון געריכט זיצט דיא פער־

דערבענהייט, און אויף דעם ארט פון גערכטיגקייט גע־
וועלטיגט דיא ניעדערטרעכטיגקייט".

קיין רעוואָלוציאָנער אין דער וועלט האָט נאָך ניט
אזוי שטארק אויסגעדריקט זיין פּראָטעסט געגען דיא
וועלט איינשליינגער, געגען דיא ברוטאליטעט פון דעם
שטארקען צו דעם שוואכען, דיא טיראנייע און אכזריות
פון דיא מעכטיגע צו דיא מאכטלאָזע וויא דער מייעס־
טעטישער פּעסימיסט אין דיא ווערטער :

„ושבתי אני ואראה את כל העשקים אשר
נעשים תחת השמש, והנה דמעת העשקים ואין
להם מנחם ומיד עושקיהם כח ואין להם מנחם
ושבח אני את המתים שכבר מתו מן החיים אשר
המה חיים עדנה וטוב משניהם את אשר עדן
לא היה, אשר לא ראה את המעשה הרע אשר
נעשה תחת השמש".

„איך האָב מיך גוט איבערגערעכענט האָב איך
דערזעהן דיא אלע אומגליקליכע, אונטערדריקטע און
געראויבטע אויף דער וועלט, און דיא טייכען טרערען
וואס פליסען פון זיי און זיי האָבען צומאל ניט קיין
טרייסטער און ווער עס זאל זיי רעטען פון זייערע
רייבערס מאכט ; בעטראכטענדיג דיא הימעל־שרייענדע
רויבעריי, דיינק איך אז עס איז שוין פיעל בעסער
דיא טויטע וואס זיינען שוין לאנג טויט פון דיא לעבע־
דיגע וועלכע לעבען נאך, און נאך בעסער פון זיי ביי־

דען איז דעם יעניגען וועלכער איז גאר ניט געבאָרען געוואָרען און האָט ניט געזעהן דיא שרעקליכע סקאַנדאלען וואס עס טהוט זיך אפּ אונטער דער ליכטיגער זונן״. —

זעהר ביטער דריעקט ער זיך אויס נאך ווייטער מיט שטארקע בייסענדע ווערטער :

„נתן הסכל במרומים רבים,
ועשירים בשפל ישבו
ראיתי עבדים על סוסים
ושרים הולכים כעבדים על הארץ״

„פיעל נארישע מענשען זיצען אין דער הויך און גייסטרייכע ליעגען אין דער ניעדער, איך האָב געזעהן ניעדעריגע שקלאפען אויף פערד רייטענדיג ; און גרויסע מענשען ווערען בעהאנדעלט וויא שקלאפען״

פון גרויס ערגערניש און ביטערניש אויף׳ן לעבען מיט זיין אונאָרדנונג, אויף דיא גליקליכע נארען און אויף דיא אונגליקליכע חכמים, שרייט ער אויס מיט גרויס שמערץ :

„כי ברב חכמה
רב כעס
יוסיף דעת
יוסיף מכאוב״

און פיעל וויסען פערשאפט נור שמערצען״

„אז פיעל חכמה ברייננגט נור צרות און קומער

וויא א ביטערער סקעפּטיגער און אונצופריעדענער וואַרפט ער זיך אריין אין דעם שטראָם פון מאטעריא־ליזם, אין דיא מעכטיגע וועלען פון דיא אירדישע ליי־דענשאפט, ער איז רייך ער לאזט זיך וואויל געהען, ער בויט פּאלאצען, פלאנצט וויינגערטנער קויפט קנעכט אהן א צאהל, נעמט טויזענד פרויען, לאזט זיך אריין גאר אין ויין טרינקען טוהט זיך אָן אלע פערגעניגענס און נאך אלעסדינג גיט ער א גרויסען זיפץ און שרייט אוים מיט א גוואלד :

## „גם זה הבל !

ער כאפּט זיך אויף פון זיין בעטרונקענעם שלאף, ער גיט זיך א ווארף צוריק, ער ווערט א פרומער מאן און בעזוכט דיא בתי־תפלה ער איז מתפלל גלייך מיט אלע פרומע, אבער עס האלט לאנג ניט אָן, און דער סקעפּטישער גייסט נעמט איהם ווידער אָן, און ער נעמט זיך ווידער צו דער קריטיק מיט דיא ווערטער:

„אל תבהל על פיך ולבך אל ימהר להוציא דבר לפני האלהים, כי האלהים בשמים ואתה על הארץ על כן יהיו דבריך מעטים"

„זיי ניט איבעראיילט מיט דיין מויל, און דיין הארץ זאל אויך ניט איילען צו ריידען פיר גאט ; דוא מוזט אימער וויסען אז גאט איז אין הימעל, און דוא

ביסט אויף דער ערד און דארום ברויכען דיינע ווער־
טער צו איהם זיין געצעהלטע״.

אט אזוי איז געבליעבען קהלת שטעהן א פער־
צווייפעלטער אזוי וויא אין א צויבער־קרייז עלענד
איינזאם און אפגעריסען פון דער גאנצער וועלט, אהן
נחת און פערגעניגען, אהן גייסטליכע צופריעדענהייט,
פערמאטערט פון זיינע פערשיעדענע עקספּיריענס —
נסיונות — פון לעבען, דער גאנצער בעשאף שטעהט
פיר זיינע אויגען אזוי וויא א שטיק אייז, אהן געפיהל,
קיין אידעאל קיינע שטרעבונגען קיינע האפנונגען. קיין
גלויבען, קיינע ארדענונג, קיין געריכט און גערעכטיג־
קייט, קיין דין און קיין יושר, איינפאך א כאאס א מין
תהו ובהו, א מורא׳דיגער תהום איינגעהילט אין א
פינסטערן שווארצען שלייער און א שטימע קלינגט
איהם אין זיינע אויערען :

„גם זה הבל ורעות רוח ! ״

אבער דא קומט דאס יודענטהום מיט איהר אפּ־
טעמיסטישען גייסט און היילט אוים דעם קראנקען פּע־
סימיסט ; דאס יודענטהום זאגט איהם ; „הער נאר
צו דוא קליין מענשעל, ווארף אוועק דיינע נארישע
טענות און תביעות וואס דוא האסט מיט דיין קליינעם
שכל געגען דיא מעכטיגע בריאה מיט דעם גרויסען
בורא, דוא ביסט צו קליין און צו שוואך צו פערענטפע־

רען דיזע גרויסע פראגען, דיין לעבען איז צו קורץ צו בעגרייפען אזעלכע פראבלעמען, דוא מוזט אימער געדענקען אז:

„אשר עשה האלהים את האדם
ישר, והמה בקשו חשבנות רבים"

„גאט האט בעשאפען דעם מענשען אין גוטען ארדנונג, נור זיי, דיא מענשען, זוכען זיך אויף זעהר פיעל רעכענונגען, פראגען און פראבלעמען, וועלכע זיינען העכער פון זייער פערשטאנד" — דער אונגליק ליעגט נור אין דעם וואס איהר מענשען זייט צופיעל עקסטרים — איינזייטיג — אדער איהר ווערט נזירים, — מאנאכען — און איהר ווילט פון דער וועלט גאר ניט וויסען, אדער איהר ווארפט זיך אריין אין דעם ים פון לעבען מיט זיינע שטורמישע וועללען פון ליידענשאפט, ביז איהר דערטרינקט זיך אין דעם זומפּיגען פערגעניגען, איהר נעמט פיעל ווייבער און זאגט נאכהער אז פון טויזענד פרויען איז קיין איינע א גוטע ניטא, דאס איז ריכטיג, ווען איהר נעמט טויזענד פרויען, וועט פון זיי געוויס קיין איינע ניט זיין א גוטע, אבער:

„ראה חיים עם אשה אשר אהבת
כל ימי חיי הבלך... כי הוא חלקך
בחיים"

„ווען דוא ווילסט לעבען א רוהיגען לעבען זאלסטו נור לעבען מיט דיין איינציגע פרוי וועלכער דוא האסט ליעבע פערשפראָכען אויף דיין גאנצעס לעבען"

דאס יודענטהום איז זעהר ווייט פון עקסטרע־מען: זא וויא פון „נזירות" אזוי אויך פון „הוללות, וויא פון גאר ניט לעבען אזוי פון צופיעל לעבען, זיא זאגט:

„לך אכול בשמחה לחמך
ושתה בלב טוב יינך"

דאס הייסט: „געה און עס מיט צופריעדענהייט דיין ברויט, און טרינק מיט א פריילינען הארץ דיין וויין; זיא הייסט דיר עסען און טרינקען אבער ניט אריינוואַרפען זיך אין ווילדען לעבענס שטראם וואס ענדיגט זיך מיט א שרעקליכען טויט.

און דאס איז דער סוד פון דעם לאנגען נאציאנא־לען אידישען לעבען, ווייל מען האָט אין איהם איינ־געפלאנצט אָפטימיסטישע מיינונגען, אימער פריילין זיין אין אלע זיינע טהאטען:

„עבדו את ד׳ בשמחה"
ובאו לפניו ברננה"

„ושמחת בחגך אתה ובנך עבדך ואמתך והלוי והגר והיתום והאלמנה אשר בשעריך".

„דוא און אלעס וואס ארום דיר דיינע קינדער,

קנעבט און דיענסטען, זאגאר די פרעמדע וועלכע וואה־
נען אין דיינע שטעדט זאלען זיך פרעהן אין דיינע
פייערטעג".

פיעל, זעהר פיעל קאָנטראסטען געפינען זיך אין
דיעזען קליינעם ספר קהלת, און עס איז ווירקליך צו
בעוואונדערען דעם טאלעראנץ וואס אונזערע עלטערען
וועלכע האָבען איהם ארייגענומען אין דיא פיער און
צוואנציג הייליגע ביכער, האָבען ארויסגעציינט, צו
א בוך אין וועלכען עס געפינען זיך אזעלכע ווערטער
פיר וועלכע אין דער מיטעל־עלטער וואלט מען פּאָזי־
טיוו פארברענען דעם, וואס וואלט זיי אויסרעדען פון
זיין מויל.

„בקשו לגנוז ספר קהלת ומפני מה
לא גנזוהו, מפני שתחלתו דברי־תורה
וסופו דברי תורה"

און ניט אומזיסט האָט רב זיך אויסגעדריקט:

יא, דאס ליכטיגע יודענטהום האָט גובר געווען
דעם פינסטערען פעסימיזם, און „קהלת" האָט אם
ענדע איינגעשטימט מיט אונז, און מיר מעגען זיך
ווירקליך פיעל פרעהען וואס אזא ליטעראַרישער פערל
איז ניט פערלאָרען געגאנגען פון אונזער הייליגען
גייסטיגען אוצר — דער תנ"ך.

# חֹמֶר לְהַטָּפָה

תמצית נאומים אחדים מהמטיף הלאמי

צבי הירש מאסליאנסקי.

חלק שלישי

היברו פאבלישינג קאמפאני,
83־85־87 קאנאל סט. נויארק.

תרס״ט

HEBEW PUBLISHING COMPANY
83-85-87 Canal Street, New York.

1909

# דברים אחדים

## לאחי ברוח המטיפים על במות ישראל.

את*) ציוני אלה הנני מקדיש לכם, אחים יקרים, קחום אספום אל בתיכם, שימו עינכם במו ותמצאו לכם די חומר למשאותיכם; דברי המעטים אך בכמותם יעירו ויעוררו את את רגשותיכם ומחשבותיכם להגות, לחשוב ולהבין מטעמים חדשים לקהל שומעי נאומיכם; אולם אחת אשאל מכם, כי לא בחפזון תקראום, קראו בשום לב, שנו, שלשו ותמצאו את אשר תבקשו; יען במלים קצרים רשמתי רק את תוכן משאותי ותמצית נאומי, ואתם ביד ההטפה והאמנות הטובה עליכם תרחיבום, תשכללום ותפארום בציצים ופרחים, בתמונות וציורים חיים למען ינעמו לאזני שומעיהם; לא מפיכם תוציאום, כי אם מלבכם ואז יכנסו ללבות מקשיביהם ויעשו פרי.

לא אפונה, כי לא אשגה אם אמר כי מסלה חדשה סלתי בההטפה העברית, מסלה אשר לא הלך בא כל דרשן ומוכיח; משאותי וחזיונותי לקוחים מהחיים והמציאות, לכן מצאו חן בעיני מביני החיים וצרכיהם.

זה יותר מחצי יובל שנים חלפו ועברו מעת עליתי על במת ישראל; רבות נדדתי במו בארצות שונות, אשר בני עמנו נחתים במו; בקרתי את הערים היותר גדולות ברוסיא, גרמניא, צרפת, הולאנד, בעלגיען ובריטאניא וגם פה בארצות הברית באמעריקא שחרתי ערים רבות, אשר אחינו הגולים מצאו

---

*) הציונים האלה המה אך בתור דוגמא מעלים למבחן מהספר הגדול אשר עודנו בכתובים.

במו מקלט ומפלט להם מחמת צורריהם בארצות גלותם; אולם פה בארץ החופש נשתנו החיים לגמרי, ואתם גם צרכיהם ויען כי משאותי ודרשותי בני החיים המה לכן נשתנו גם הם, ולא כל אשר הטפתי שם מעבר לים אוכל להטיף פה, כי כלל גדול הוא בהטפה, אשר לא רק דבר דבר בעתו, כי אם גם דבר במקומו מה טוב, אחרי, אשר הזמן והמקום תאומים הם אחוזים ודבוקים יחד ולא יפרדו לעולם.

ואני תפלתי לך בורא ניב שפתים כי אחי בני אמונתי ואומנתי ישימו לב לדברי אלה ויתאמצו להרים את קרן הדרשנות בישראל, ונזכה כלנו להטיף דברים חיים ונשגבים לקוחים מהחיים באזני אנשים חיים, בני עם חי ורענן היושב על ארצו ונחלתו ארץ אבות נחלת ישראל.

אחיכם בדעה ואמנות:

צבי הירש מאסליאנסקי.

# מעשה בראשית.

אין דורשין במעשה בראשית מנקודת הפילוסופיא אחרי אשר רבים וכן שלמים כשלו נפלו בדרוש הזה ובאמת חצפה יתירה היא לאנוש אנוש להרהר במעשה אין סוף ותכלית; ויפה אמר בעל „נשמת חיים": „דע מה למעלה — ממך" אחרי אשר אין אנו יודעים את עצמנו...

אמנם מנקודת השירה ראוי והגון לנו להתבונן במעשה בראשית, ונעים זמירות ישראל עלה על כל המשוררים במקצוע זה בשירת „ברכי נפשי" השיר אשר אלכסנדר פאן הומבאלד הגיד עליו, כי בו צפונה כל תורת הקאסמאלאגיא.

* *
*

עוד הפעם שב ישראל סבא להחל את תורתו העתיקה, יחדש שנית את נעוריו להגות בספורי התורה ובחקיה, אשר במו צפונה נשמת המחוקק החיה אתנו עד היום.

* *
*

בפרשה הראשונה נמצא את האהבה הטבעית כי האיש והאשה גויה אחת הנמו, ואיך יוכל הראש לשנא את הלב?!...

* *
*

ראשית השחתת מין האדם על ידי הנחש — סמל התאוה המשחתה המובילה אותו לירכתי שאול, מחלשת כחו, מקצרת ימי חייו ומגרשת אותו מגן עדנו.

* *
*

מלחמת אחים האכזריה — מלחמת קין והבל תשים עוד היום שמות בנו. עדים המה האיראפים והסינים הבריטאנים והבורים. —

* *
*

בני האדם מתחלקים למדרגות; ב נ ו ת ה א ד ם תקסומנה ביפין ותצדנה ברשתן את ב נ י ה א ל ה י ם. התאוה תערבם ומהם יצאו ה נ פ י ל י ם בני שחץ האוכלים ואינם עושים, החיים על חשבון אחרים.
(המשורר שיללער במלאכות משה)

* *
*

מה טוב ומה נעים מנהג החרדים לקרוא שיר „ברכי נפשי“ בשבתות החורף; בעת אשר הטבע מתעלף; השמים מכוסים בעין העופרת; הארץ מתעטפת בתכריכים לבנים; העצים יחשפו ויתיצבו כמתים ערומים; כל הצפרים בנות השיר ישחו ידמו; כל התולדה תציג לנגדנו את סמל עם ישראל. בעת החשכה הזאת יתאמץ העברי לאחוז בתקותו, וישיר

את השיר הקאסמילאגי, ונפשו משתפכת בחיק האביב הנעים, ויחזק תקותו, כי לא לעולם חורף; יבא האביב וישלח מעינים בנחלים, ויחיה שנית את כל היקום; השמים יטהרו; הארץ תתעטף במעטה ירקרק, העצים ישובו לתחיה והצפרים ישמיעו קולם; אולם השיר ברכי נפשי לא נברא לאמרו, כי אם להגות בו.

* * *

חתן התורה הוא גם חתן בראשית וישראל סבא מודיע בקול רם בהחלו לקרוא את תורתו לאמר: „זה ספר תולדות אדם!" רבי עקיבא מצא כלל גדול בתורה „ואהבת לרעך כמוך" ובן עזאי מצא כלל יותר גדול מזה „זה ספר תולדות אדם".

רבי עקיבא אמר באבות: חביב אדם שנברא בצלם, והתנא האלהי הזה לא הבדיל מעולם בין אדם לאדם, ובן עזאי הוא רק המבאר את דברי רבי עקיבא לבלי ישגו במלת „רעך" ובאמת בשם „רע" אין כל הבדל בישראל לנכרי, כי אם בשם „אח" כמו „ולאחיך לא תשיך". —

שני ספרים קדושים כתובים באצבע אלהים, הראשון הוא ספר תולדות אדם והוא קודם בזמן ובמעלה על משנהו — ספר בראשית.

וזהו סוד מאמר חז"ל „דרך ארץ קדמה לתורה".

# מי־נח.

„כי מי נח זאת לי, אשר נשבעתי מעבור מי
נח עוד על הארץ, כן נשבעתי מקצוף עליך
ומגער בך".

(ישעיה נ"ד.)

אמנם כן! לנח נדמינו, כי כמהו נחצה בגלי מבול הדם והדמעות, אשר ישטפונו כמעט בכל ארצות אירופא; הוא הציל נפשו בתבתו תבת עצי־גפר; ואנחנו — בתבת אמונתנו ולאומיתנו משטף המים הזדונים. —

שמי חיינו כסו בערפלי אופל, בעננים האנטיסע־מיטיזום; עבים על עבים יעלו; עננים על עננים יעננו; נשיאים על נשיאים יתנשאו; גלים על גלים יתגלגלו; משברים על משברים ישתברו וישברו את עץ חיינו וגאון לאומנו; גלי קצף, בוז ומשטמה יעברו על ראשינו, וברקים ורעמים יפצפצונו בבל ארצות פזורינו וישראל סבא כנח התמים מתחבא ומתגונן בתבתו — אמונתו ומורשת אבותיו. — ישוט ישחה ויצוף מגל אל גל — מגוי אל גוי. — הרים ימושו גבעות תמוטינה; הררי עד יתפוררון והוא עודנו חי! —

## מי־נח

ישראל סבא כנח התמים ינסה לשלוח את העורבים והיונות לראות הקלו המים מעל פני האדמה?!

העורבים רבו במספר מבר כוכבא עד שבתי־צבי ופראנק יוצאים יצא ושוב בכל ימי גלותנו. —

עתה החל לשלוח את היונות, אולם עד כה לא מצאה עוד היונה מנוח לכף רגלה, יען כי דורשי שלום ציון מהלוי עד הגרש״מ עפו דאו אך ברוח ולא הרהיבו עז בנפשם להציג כף רגלם ארצה עד היונה השלוחה בימינו הוא הד״ר הרצל אשר בו תקותנו חזקה, כי לעת ערב כזאת ישוב אלינו, ועלה זית — הרשיון מהסולטאן בפיו לבשרנו, כי בא הקץ לנדודינו ואז נדע כנח בימיו כי קלו המים מעל הארץ.

* * *

הקשת בענן היא אות הברית, סמל האחדות, „במחזה הקשת", אשר יהיה בענן ביום הגשם, כן מראה הנגה סביב הוא מראה דמות כבוד ד' — התאחדות הצבעים. —

* * *

אם נתאחד להיות עם אחד, בני תורה אחת, המאמינים באל האחד, אז נזכה לשבת

בארצנו האחת ונוכל להתנחם בדברי בן־אמוץ: „רני עקרה לא ילדה — כי רבים בני שוממה מבני בעולה אמר ד׳" ובאמת נפלא הדבר, כי רבו בני כנסת ישראל השוממה במספר מבני רומיניא אויבתה הבעולה. — הדבר הזה יוכיחנו לדעת, כי עין ד׳ צופיה עלינו, ועוד יתרבו המים, ומציון תשועה.



# אברהם.

שמעו אלי רודפי צדק מבקשי ד׳ הביטו אל
צ ו ר  ח צ ב ת ם  ואל מקבת בור נוקרתם;
הביטו אל  א ב ר ה ם  א ב י כ ם...
(ישעיה נ״א, א.)

חולה הוא עם ישראל; אולם מחלתו לא מורשת אבותיו היא. —

* * *

הרופא האומן ידרוש ויחקור תמיד מפי החולה על דבר הוריו אם בריאים ושלמים היו. —

* * *

שתי מחלות תשמנה שמות בנו; אהבת הבצע ופירוד הלבבות. — על אדות הראשונה הננו שומעים בפרשת השבוע את שבועת אבינו למלך סדום לאמר: „הרימותי ידי לאל עליון קנה שמים וארץ, אם אקח מחוט ועד שרוך נעל״.—על אודות השניה הננו רואים את הליכותיו עם לוט בן אחיו. — א ב ר ה ם  ו ל ו ט! נזיר ושכור, ממציא אחדות הבורא ומחלל כבוד בנותיו. — „הפרד נא מעלי אם השמאל ואימינה ואם הימין ואשמאילה״ התחנן אבינו לפני בן אחיו, כי „הכנעני והפריזי אז יושב בארץ״ ח ל ו ל  ה ש ם;

למה יאמרו הגוים; (על אלה השנים נשענת היהדות עד היום).—אחרית הדבר, כי לוט בחר לו את ככר הירדן המלא משקה ואברהם ישב בארץ כנען. —

* * *

„ויבא הפליט ויגד לאברהם העברי—והוא שוכן באלוני ממרא האמורי אחי אשכול ואחי ענר והם בעלי ברית אברם" — אבינו היה בטוח כי עדיו לא תגיע הרעה, כמונו החוסים כעת פה תחת דגל הככבים והפסים, ובכל זאת „וישמע אברם כי נשבה אחיו וירק את חניכיו!" פה יכונה בשם „אח" ולא בן אח, יען כי בעת צרה כל בני עם אחד אחים הנמו מבלי שים לב להתחלקות הדעות והמדות. —

* * *

הנביאים הם גאון לאמנו, ואבינו הראשון הוא גם החוזה הראשון, ואת הנבואה הראשונה הננו קוראים היום בפרשת השבוע אשר היה דבר ד׳ אל אברם במחזה. —

* * *

ובמחזה הראשון נחזה את גורל האומה זה ארבעת אלפים שנה. —

אבי האומה החל לנדוד בארצות החיים ובראשית נדודיו הראו שונאיו ומנדיו אותות אהבה לאשתו, סמל לגורל בנות אברהם עד היום; את הבנים ישליכו

היאורה — או החיצה — ואת הבנות יחיון. — גורל אחד לשרה אמנו בבית פרעה ואבימלך ולבנותיה עד בנית דורנו באוסטריא השבויית בבתי מקלט הקא־טולים.

* * *

הננו מרגישים את קדושת חיי המשפחה במלים הא־לה: „ד' אלהים מה תתן לי, ואנכי הולך ערירי?!"

* * *

ויצא אותי החוצה — מכל העמים — ויאמר הבט נא השמימה וספור הככבים אם תוכל לספיר אותם — בהיותם פזורים בלי סדר ומשטר — ויאמר לו כה יהיה זרעך בקצות הארץ בהודו וחינא וכל כדור הארץ, וזאת היא סוד קיומם, אשר לא התגוררו בארץ אחת לבלי ישמעו ויתבוללו בתוך האזרחים והאמין ב"ד ויחשביה — אברהם — לו — ל"ד — „צדקה שעשה הקב"ה לישראל שפזרם בין האומות" ויביטו רק השמימה, כי אין להם כל חלק בארץ. —

אחרי כן הבטיחוהו לתת לזרעו את הארץ ויראהו במחזה את העגלה המשלשת; העז המשלשת האיל המשלש — הממשלות הנוצריות — ויבתר אותם בתוך — על ידי ספרי הקדש בתר ליטהער את הדת הקאטולית; אך את הצפור לא בתר. —

* * *

אברהם ראה במחזה את כל התיעבות בימי הבינים — ב ב א ה ש מ ש — והנה אימה וחשיכה גדולה נופלת עליו מתעתועי האנקוויזיציאן האיומה — אחרי כן הבטיחו: לזרעך אתן את ה א ר ץ ה ז א ת!״

* * *

אברהם התחנן: „ל ו י ש מ ע ל יחיה לפניך!״ וד׳ הבטיחו לתת לו את יצחק. —

* * *

גם כעת בימינו בדורנו קוראים אנחנו „לו הסול-טאן יחיה וירשנו לבוא לארצנו״; וקול ממרום יעננו; „כי ביצחק יקרא לך זרע!״

* * *

דברי אברהם למלך סדום ודברי המלך אליו מצלצלים באזנינו בכל תקופות דברי ימינו מעת היותנו לגוי עד היום הזה.

* * *

כדברי מלך סדום לאבינו הראשון כן דברו סנחריב האשורי, אנטיוכוס הסורי, פערדינאנד הספרדי ל א ב ו ת י נ ו ואלכסנדר הרוססי ל נ ו לאמר: — „תן ל י ה נ פ ש והרכוש קח לך!״.

* * *

כאבינו נשיב תמיד את תשובתו: „הרימותי ידי

# אברהם

לאל עליון קונה שמים וארץ אם אקח מחוט ועד שרוך נעל ולא תאמר אני העשרתי את אברם", בכל התקופות, בכל הארצות הנחנו את רכושנו והצלנו את נפשותינו.

* * *

כפגישת אברהם ומלך סדום כן פגישת סנחריב וחזקיהו; נבוכדנאצר וצדקיהו; אנטיוכוס ומתתיהו; אספסינוס ובן זכאי; בכל הפגישות האלה נשמע תמיד קול קורא „תן לי הנפש!" וקול ישראל עונה: „הרימותי ידי לאל עליון!"



# דוד אבשלום ואדוניהו.

**למנצח לעבד ד׳ לדוד; ר׳ יודן בשם ר׳ יהודה אומר: כל מה שאמר דוד בספרו, כנגדו וכנגד כ ל י ש ר א ל וכנגד כל ה ע ת י ם אמרו:**
**(תנחומא.)**

„דוד מלך ישראל חי וקים!״ יקראו בני ישראל מדי חדש בחדשו. אמנם כן, תולדות בן ישי ודברי ימי ישראל מתאימים בד בבד — ישראל במצרים — דוד בבית שאול; בשנותו את טעמו; ויגרשהו—וילך; בן ישי עם כל איש נושה לו בנודו במדבר אחרי הגרשו מהסתפח בנחלת ד׳. — דוד ונבל הכרמלי. — יהודי רוסיא והצר אלכסנדר השלישי הצורר. — בקשת דוד ותשובת נבל: „רבו העבדים המתפרצים מפני אדוניהם!״ תשובת אלכסנדר לועד היהודים בשנת 1881 למספרם. נ ב ל מ ת ב ש כ ר ו ת ו.—

* * *

דוד ואבשלום. היהודים והנוצרי; ועמד על יד ה ש ע ר; „משה אמר לכם עין תחת עין ואנכי אומר לכם... וכו׳״. — ו ה ח ז י ק ב ו ו נ ש ק ל ו; ויגנב את ל ב ישראל. — אבשלום חצב לו קבר בירושלים

